יצחק קאַצענעלזאָהן.

# קאַריקאַטורען

דראמע אין דריי אקטען.



ווארשא, תר"ע.

דרוק „הצפירה", פּיִנסקא 40.

КАРИКАТУРИ.

ВАРШАВА 1909.

Въ Типографіи „Гацефира" Панская 40.

# פּערזאָנען.

---

בָּרוך קאַצמאַנן

רִבְקָה זיין ווייב

אסקאר }
דארע } זייַערע קינדער

ראובן ברוך'ס ברודערן-זוהן

שׂרה־לאה אַ שטוב־מיידעל

שׁימעק געוועזענער גימנאַזיסט

איסאַק }
וואלאדיא } גימנאַזיסטען

יאשא

גאסטען־מיידעל

עמיצער

---

צייט: יעצט, פֿריהלינג — זומער.

פֿון איין אַקט ביז'ן אַנדערן אַ מאָנאַט.



# די סצענע.

אַ גרויסער פֿירקאַנטיגער עסצימער, אין הינטערגרונד, רעכטס — אַ טיר אין זאַל, לינקס אַ טיר צו אָסקאַרן, צווישען אַ שפּיגעל, אין דער רעכטער וואַנד צוויי טירען; די פֿאָדערשטע אין קיך אַריין, די הינטערשטע פֿון קאָרידאָר. דערנעבען אין ווינקעל אַ שטעהענדער הענגער. אין דער לינקער וואַנד צוויי פֿענסטער מיט גאַרדין בע־האַנגען צום גאַס אַרויס. ד'נעבען אַ סאָפֿע. צווישען ביידע פֿענ־סטער אַ וואַנד־זייגער, איינינע לאַנדשאַפֿטען, אין מיטען שטעהט אַ טיש איבער וועלכען ס'הענגט אַ שענער פֿיעלערינער הענגלאָמפּ. נאָך האַלבען טאָג.

---

(דאָס צימער איז אַ ווײלע לעדיג.)

אָסקאַר: (קלינגט לאַנג פֿון נאָס)

שרה־לאה: (פֿון אונגעפֿער צוואַנציג יאָהר. פּראָסטע שענע קליידער, זי שפּאַרט אָב מיט אַ פֿוס די קיך־טיר און קומט אַריין מיט אַ קאָכיגען סאַמאָוואַר) אַ קלינגען! שיעור ניט איבערגעקעהרט אויף זיך דעם סאַמאָוואַר... (שטעלט אַוועק דעם סאַמאָוואַר אויף דעם טאַץ וואָס אויפ'ן טיש און איילט עפֿענען.)

אָסקאַר: (אַ נײַנצעהן־יעהריגער גימנאַזיסט פֿון הויכען וואוקס און אַ דאַרליבען קערפּער. קליינע שוואַרצע וואָנסעלעך מיט אויסגעצויגענע שאַרפֿע שפּיצלעך, אַני־אָפֿענהערציגער פֿוסטער בחור, ניט איבריג קלוג, שלעפּט אַריין אַ וועליסאָפּעד) איהר זענט, קיין עין־הרע ניט, אַ שען מיידעל, נאָר אַביסל מוזט איהר ניט דערהערען?

שרה־לאה: גאָר...

אָ ק ס אַ ר : טאָ וואָס לאָזט איהר אַזוי לאַנג שטעהן אונטער דער טיר? טויבלאַך! טויבלאַך! ... (וואַרפט אַ פינגער צום זאַל-טיר) – שלאָפט?

ש ר ה - ל א ה : ניין .

אָ ס ק אַ ר : (לויפט צו, עפענט האַלב די טיר פון זאַל, מיט אַ שמייכעלע) וואו איז ער, דער עקספּלאָאַטאַטאָר?

ש ר ה - ל א ה : ערשט אַרויס.

אָ ס ק אַ ר : אַהאַ! געוואָהר ווערען דאָס פאַבריקעלע ... איהר האָט אפשר בעמערקט, ער האָט אָנגעטהון דעם פּאַלטאָ?

ש ר ה - ל א ה : ניין דאַכט זיך.

אָ ס ק אַ ר : (גיעהט צו צום הענגער, חאַפּט אַראָב דעם פאָטער'ס שטאָק.) טאַקי ניין! דאָס שטעקעלע אַפילו ניט מיטגענומען ... (האַלב פאַר-זיך, אַ שלעפּטהענדיג דעם וועליסאָפּעד צו זיך) ס'וועט אַראָבגעהן ... איהר, שרה-לאה, מעגט אויך דערפון וויסען — (האַלט דאָס שטעקעלע הויך) דער סימן דיענט פאַר מיר, פאַר דער מאַמען און פאַר אַלעמען, וואָס דאַרפען האָבען דעם טאַטענס לאַסקע ... לאָזט דער טאַטע דאָס שטעקעלע אין דער היים — איהר זעהט דאָס שטעקעלע מיט'ן ווייסען ביין און דאָס אַרויפגעזעצט בינעזיש קעפּיל? — לאָזט עס דער טאַטע אין דער היים, און לויפט זיך אַזוי אַדורך אין פאַבריק, איז עס אַ סימן, אַז דער טאַטע איז גוט ... טהו וואָס דאָס האַרץ געלוסט! — מיין מאַמעס ריטאַנדע האָט איהר געזעהן?

ש ר ה - ל א ה : די נייע, מיט די ווייס-געלע פעלעכלעך?

אָ ס ק אַ ר ; יאָ, מיט די ווייס-געלע פעלעכלעך! פאַר דריי וואָכען געקויפט ... ס'געהט דאַכט זיך צו זומער! — אָ: (ווייזט אויפ'ן קאָפּ-פּונ'ם שטעקעל) דער כ י נ עַ ז עַ ר איז געבליבען אין דער היים, האָט זי זיך אַרויסגעחאַפּט און אַיינגעקויפט ... ווייל איהר זענט אַ שען מיידעל זאָג איך עס אייך.

ש ר ה - לא ה : (שמייכעלט קוים) פון מיינעט-וועגען האָט דער טאַטע אַיערער געמעגט אויך, דאָס מאָל מיטנעהמען דאָס שטעקעלע ...

אָ ס ק אַ ר : (וואַרפט אַ קוק צום וועליסאָפּעד) זאָל גאָט אָבהיטען .

ש ר ה - ל א ה : אויפגעראָמט איז, דער סאַמאָוואַר קאָכט, פון מיינעט-וועגען —

אָ ס ק אַ ר : (לאָזט זי ניט ענדיגען) זאָל גאָט אָבהיטען! ... הגם ס'איז שוין פערפאַלען — (קוקט אויפ'ן וועליסאָפּעד) געקויפט און בעצאָהלט! נאָר דער טאַטע מיינער, האָט אַ טבע ביי'זער'ן זיך, ווען ס'איז אַפילו נאָך אַלעם...

איִהר זאָלט זיִך אָבער ניִט דערשרעקען, ווייל איִן דער אֱמת'ן איִז ניִטאָ וואָס צו שרעקען זיִך... די היִעגע פּראָלעטאַריער, איִהר קענט זיי נאָך ניִט, לויבען איִהם ווענִיג... איִן גיִכען וועלען זיי אײַך חאַפּען איִן גאַס און וועלען אײַך דערצעהלען, אַז מײַן טאַטע איִז אַ בורזשוּאַ, אַ קאַפּיטאַליִסט, אַן'עקספּלאָאַטאַטאָר... איִהר ווייסט נאָך אַודאי ניִט וואָס איִז דאָס אַזוינס אַנ'עקספּלאָאַטאַטאָר? און וואו די בּירזשע זייערע איִז, ווייסט איִהר?

שׂרה-לאה: (צוטומעלט) ניין...

אָסקאַר: אַהאַ! איִהר ווייסט ניִט... אויף דער בּרייטער גאַס! — נאָר איִך וואָלט אײַך זאָגען איִהר זאָלט אַהינצו ניִט געהן, און ניִט גלויבען וואָס זיי דערצעהלען אײַך... אַ וְהָא — ראַיה: איִהר וועט זעהן צו ער וועט מיִר זאָגען אַ וואָרט פאַר דעם צווייט-הונדערטער! (קלאַפּט מיִט דער האַנד אויפ'ן וועליִכאָפּעד) געזעהן האָט איִהר שוין אַזאַ חיה?

שׂרה-לאה: אַ ראַיט-וועגעלע? יאָ...

אָסקאַר: (פערוואונדערט) איִן אײַער שטעדטיִל? פאַר-אַיאָהרען בּיִן איִך געווען בּיי אײַך אַ טאָג — אַ שטיִק בּלאָטע!... איִך האָב דאָךּ דאָרטען בּיי אײַך איִן שטעדטיִל, אַ פעטער, אַ מוּהמען, און שוועסטער-קיִנדער אַ בּאַרג! — איִן גאָר די טרוּקענע וועטערן, האָבען זיי מיִר געזאָגט, ווערען די בּלאָטעס אויסגעטריִקענט און די אײַנוואָהנער פוּנ'ם שטעדטיִל ציִעהען זיִך דורך די שמאָלע געסלעך צום הינטערן שטאָדט, אמת?

שׂרה-לאה: דערמאָנט איִהר עס מיִר — הויבּט זיִך מיִר אָן צו בּענקען אַהיים...

אָסקאַר: איִהר בּענקט שוין, בּעצײַטענס?

שׂרה-לאה: ס'געהט צו זומער — איִהר האָט געזעהן אונזער געגענד איִן אַ שיינעם זומער-טאָג?

אָסקאַר: ניין; ס'האָט זיִך מיִר ניִט געגלוּסט וואַרטען אויף שענערע וועטערן און בּיִן אַ היים-געפאָהרען! (ווײַזט אויפ'ן וועליִסאָפּעד) איִהר האָט שוין אָבער געזעהן אַזאַ מיִן זאַך?

שׂרה-לאה: דעם פּאָריִץ'ס זוהן פלעגט פונקט מיִט אַזאַ ראַיט-וועגעלע אָפט דורכשנײַדען אונזער געסיִל.

אָסקאַר: דעם פּאָריִץ'ס זוהן?... בּיי אײַך איִז דאָ אַ פּריִץ מיִט אַ זוהן... און איִך האָבּ געמיינט, שׂרה-לאה, אַז איִהר קוּקט גאָרניִט אויף בּחורים...

ש ר ה ־ ל א ה : (אַבּיסל פֿערשעמט און ניט פֿערשטעהענדיג) דער פּרינץ! אַרײַבער גוי... וואָס רעדט איהר?!

אָ ס ק אַ ר : (בּײַסענד) אַהאַ... איך האָב פֿערגעסען, אַזאַ מין פּרינץ... (צו שרה־לאהין) ער האָט אַ ה ו י ף הינטער'ן שטאָדט, אַ הויף... מיט פּויערים. פּײַערטעס, שרה־לאה, יונגע פּײַערטעס מיט רויטע מולטענע אונטערקלײַדלעך... מיט געזונדע נאַרישע צורות... ס'פֿעהלט איהם ניט דעם פּרינץ'ס זוהן!

ש ר ה ־ ל אָ ה : (פֿערשטעהט איהם ניט) אַ ודאי.

אָ ס ק אַ ר : אָהאָ, איך קען זײ שוין די פּ ר י צ י ם מיט זײערע זיהן... יודישע מעדלעך האָבען זײ אויך ניט פֿײַנד...

(שרה־לאה וויל אַ וועקגעהן אין קיך)

אָ ס ק אַ ר : (קעהרט איהר אום פֿון טיר) שרה־לאה!... זאָגט דעם אמת, מיט אײַך האָט ער ניט געהאַט צו־טהון?

ש ר ה ־ ל א ה : (וויל אָבגעהן) וואָס ווילט איהר האָבען?

אָ ס ק אַ ר : (חאַפּט איהר בּײַ דער האַנד) איך מײן עס ערנסט: חײַ־קאַ, „שענע חײַ'קאַ" — האָט ער אײַך ניט גערופֿען?

ש ר ה ־ ל א ה : (פֿערוואונדערט) וואָס ווילט איהר?!

אָ ס ק אַ ר : (וואַרפֿט אָב איהר האַנד) שעמען מעגט איהר זיך! קײן בּיסעל עהרען־געפֿיהל איז בּײַ יודישע מעדלעך ניטאָ!...

ש ר ה ־ ל א ה : (געהט שנעל אָב אין קיך).

אָ ס ק אַ ר : (מעשה־מענש) קנעכט! קנעכט! (פֿיהרט אַרויס דעם וועזי־לינסאָפּעד צו זיך אין צימער.)

(לעדיגע סצענע)

ר א ו ב ן : (קלינגט אָבגעהאַקט, קורץ פֿון גאַס־קאָרידאָר).

ש ר ה ־ ל א ה : (קומט פֿון קיך, אַבּיסל בּעלײדיגט פֿון פֿריהער, וואַרפֿט אַ פֿעראַכטענדען בּליק צו אָסקאַר'ס טיר. עפֿענט אויף די גאַס־טיר, קוקט קורץ אָן דעם גאַסט און רופֿט אויס פֿערוואונדערט) ר א ו ב ן!

ר א ו ב ן : (אַ צווײ־און־צוואַנציג־יעהריגער, געזונדער, פֿעסט געבּויטער יונג, פֿון מיטעלער וואוקס, אינטעליגענטע בּעוועגונגען. ער קומט אַרײַן מיט־עפּיגער אַבּיסל אין צימער. אָנגעטהון אַ רעקל איבּער אַ רויטער בּלוזע, מיט אַ שנור, פֿע־שליפֿט אָני־אַזײַט. שטאַרק פֿערשטויבט די אַקסלען, די פּליײצע און דאָס שוואַרצע רונדיג קאַפּעליושל אויפֿ'ן קאָפּ. אין אײן האַנד אַ שטעקען אין דער אַנדער — אַ קלײנע קאָרזינקע.) שרה־ל אה! — בּיזט טאַקע בּײַ מײַן פֿעטער...

שרה־לאה: (נעהמט בײַ איהם צו דאָס קערבעלע) ערשט פֿון דער היים?

ראובן: ערשט... מיט אשר'ס פֿוהר'ל. בין איך עס אַביסל פֿערשטױבט!

שרה־לאה: אַשלעכטע װעג פֿון שטעדטיל אַהער־צו... איך בין אויך מיט איהר געקומען.

ראובן: פֿערשטױבט, אַזױ װי איך?

שרה־לאה: נײן... איך בין געפֿאָהרען אום װינטער, אין מיטען װינטער... אַגליק װאָס אשר'ס בױד האָט לעבער געהאַט, האָב איך געזעהן דורך זײַ פֿערפֿרױרענע פֿעלדער, בעשאָטענע מיט אַװײַסען שנײַ; בױמער — פֿערגלײזערטע, אָבגעצערטע זענען אָבגעלאָפֿען פֿון דער בױד פֿון װעלכער איך האָב אַרױסגעקוקט... אַפֿראָסטיגער טאָג געװען! — איך בין אַראָבגעקומען אַהער אַרױטע דיענסט־מעדעל.. דו װײסט גאָר־ניט אַז איך בין געפֿאָהרען צו דײַן פֿעטער? דײַן מאַמע'ס רעקאָמענ־דאַציע און מײַן גוטער װילען... אַשלעכטע צײַט בײַ אונז געװאָרען—... דײַן רײַכער מוהמען בין איך באַלד געפֿעלען — און האָט מיר אויף מאָרגען מכבד געװען מיט „אַװעש".. דעם טאַטען מײַנעם, האָסטו האָטש, פֿאַר דײַן אַװעקפֿאָהר געזעהן?

ראובן: ר' זלמנ'ען האָב איך געזעהן און טאַקי פֿאַר'ן אַװעק־פֿאָהר! ער האָט מיר איבערגעגעבען פֿאַר דיר אַבריװעלע, (מיט אַלײַ־טען שמײכעל) און געבעטען איך זאָל דיך ניט אַראָבפֿיהרען פֿון װעג..

שרה־לאה: (שמײכלענדיג) קענסט אַראָבפֿיהרען פֿון װעג?

ראובן: נאָך אָבער אַראָבפֿיהרען! ס'טהוט זיך בײַ אונז אין שטעדטיל! קײן עין־הרע אַגאַנצע אָרגאַניזאַציעלע... אַז איך װיל קען איך זאָגען: (איראָניש) אַז איך בין אָבגעפֿאָהרען פֿון דער היים צוליעב „פּאָליטישע פֿערפֿאָלגונגען"... (לאַכט) יונה שנײַדער האָט געזאָגט קױם קױם איך איהם אויף די הענד, לאָזט ער מיך ניט אָב אַלעבעדיגען —

שרה־לאה: װאָסי?

ראובן: (ניט װילטיג) אַמעשה מיט אַסטרײַקעלע...

שרה־לאה: אַזױ גאָר!

ראובן: איך דערצעהל דאָך דיר: אַנ'אָרגאַניזאַציעלע — ניט צו שעמען זיך!

שרה־לאה: טאַקי? ! װער איז עס דאָרטען, אין דער אָרגאַני־זאַציעלע? זאָל איך טרעפֿען — ? (צעהלט אויף די פֿינגער) פֿון דיר רעדט

מען דאך גאָרניט: יונתן בעריל'ס; טוביה; וועלוועל דעם רב'ס אויך! אויך?

ר א ו ב ן: (מיט אַ דייטליכען לאַבּענדיגען טאָן) קאָנספּעראַציע! כ'וועל דיר נאך דערצעהלען... (ערנסטער) היא מוז עס זיין פרעהליכער?

ש ר ה ־ ל א ה: (צופרידען) זעהסט, גוט וואָס דו ביסט געקומען!

ר א ו ב ן: (קוקט זיך אַרום אין שטוב) ווי קלערסטו, מײַן בלוזע מיט דער שטוב זענען ניט קיין פּ אָ ר?

ש ר ה ־ ל א ה: פאַר וואָס? דאָ געהט מען אַזוי...

ר א ו ב ן: וואו די ב ר ײַ ט ע גאַס איז, ווייסטו?

ש ר ה ־ ל אָ ה: (שמייכעלט קוים) דו פרעגט עס מיר היינט דער צ וו ײַ ט ע ר...

ר א ו ב ן: מ'זאָרגט זיך דאָ פאַר דיר אָהן מיר אויך?

ש ר ה ־ ל א ה: אָהאָ! איבערהויפּט דער ערשטער... ער הייסט מיר ניט געהן.

ר א ו ב ן: אַזאַ פייגעל! און ביסט ניט געוועזען?

ש ר ה ־ ל א ה: נאך ניט... דורך דער צײַט וואָס איך בין דאָ, בין איך נאך כמעט ניט אַרויס פון שטוב.

ר א ו ב ן: ווי ס'איז מיר אָבער אַרויס פון קאָפּ! איינגענטליך האָב איך געוואוסט אז דו ביסט היע, דײַן שוועסטער האָט מיר מיט עטליכע טעג צוריק דערמאָנט...

ש ר ה ־ ל א ה: פלעגסט זעהן צירל'ען?

ר א ו ב ן: אָה, צירל איז אַ „קעמפּפער'ן"... (מיט אַ לײַכטען שמייכעל) יע! זי האָט מיר געבעטען איך זאָל דיך אַ ר אָ ב פ י ה ר ע ן פון וועג — וועמען זאָל איך פאָלגען: דעם טאַטען צי דער שוועסטער?

ש ר ה ־ ל א ה: און וואו בין איך?

ר א ו ב ן: (בלײַבט פעסט שטעהן, קוקט איהר אָן פערוואונדערט און שטאַרק)?

ש ר ה ־ ל א ה: (געהאָרבּזאַם אונטערטהעניג) ביזט געקומען אויף בלײַבען?

ר א ו ב ן: (אין געוועהנליכען טאָן) דערווײַלע ווייס איך נאך אַליין ניט; איך קען איהם ניט, דעם פעטער.

אָ ס ק אַ ר: עפענט אויף די טיר פון זײַן צימער, קוקט אַ ווײַלע אָן דעם גאַסט אין דער אָפענער טיר) זעהסט — ראובן!

(שרה־לאה געהט לאַנגזאַם אָב אין קיך)

אָסקאַר: (גייט צו, צו ראובנ'ען, קושט זיך מיט איהם) קודם־כל צעקוישט מען זיך — יעצט, דערקאָן מיך! (מאַכט זיך גליך).

ראובן: (קוקט איהם קורץ אָן) אָסקאַר! פון פאַר אַ־יאָהרען ניט דערקענען? א טאָג געווען ביי אונז...

אָסקאַר: זעהסט, ער האָט מיך דערקאָנט! האָב איך זיך דען גאָר ניט געענדערט?

ראובן: אַ קליין ביסעל...

אָסקאַר. אַיאָ?... טאַקי געענדערט זיך? (נעהמט אַרויס אַ שפּיגעלע און קוקט זיך אין איהר. אַיין).

ראובן: האָסט אַ וואַקס געטהון דאָס יאָהר!

אָסקאַר: (לייגט די הענד אויף דער טאַליע און הויבט זיך אויף די שפּיץ פינגער) אַיאָ, אַ וואַקס געטהון? — און דעם נייעם —? (גלעט מיט ביידע הענד די וואָנסלעך). פון פאַר אַ יאָהרען... ביי דיר זענען זיי אויך ניט צו פערווינדיגען!

ראובן: אַ געשעפט...

אָקסאַר: ביסט נאָך גאָר אַתם! פרעג מיך וואָס עס געפעלט... וואָנסעם, זעהסטו, זענען אַ צייכען פון מענערשאַפט... וואָס מאַכט דיין שוועסטער דבורה'לע? דבורה'לע דאַכט זיך —?

ראובן: דבורה'לע, (בעטאָנט הארט) מיין שוועסטער!

אָסקאַר: איך געדענק זי — אַ ברוינעטקע, ניט גאָר קיין הויכע... אַגרויסער מבין אויף גוטס בין איך פאַר־אַ־יאָהרען ניט געווען.. פאַרוואָס קומט זי ניט צו אונז?

ראובן: איך בין געקומען!

אָסקאַר: זעהר גוט... איך האָב ליעב קרובים. די מאַמע און דאָרע וועלען זיך אויך פרעהען — און דער טאַטע? (פערקוקט זיך אויפ'ן הענגער) שאַ! דער טאַטע וועט דיר אויך קיין קרום וואָרט ניט זאָגען... דעם שטעקען דאָרט — זעהסטו?... וועסט זיין ביי אונז אין שטוב עט־ליכע טעג וועסטו וויסען וואָס דאָס בעדייט.

ראובן: (האַלב פאַר־זיך) דער פעטער וועט זיין ברוגז...

אָסקאַר: איך האָב דאָך דיר געזאָגט! יע, אויב דו ווילסט אין גאַנצען יוצא־זיין, בייט איבער די בלוזע מיט די רויטע שלייפען... ניט לאַנג איז ביי אונז געווען אַ סטרייק, דער אַנפיהרער פון דעם סטרייק האָט געטראָגען פונקט אַזאַ בלוזע און אַזאַ שנור... דעם טאַטען קען זיך עס וואַרפען אין די אויגען...

ראובן: (פערבּיסען) קוים קריעג איך דאָ באַלד קיין שטעלע ניט, פאָהר איך, סיי־ווי־סיי, אין עטליכע טעג אַרום אַ היים.

אָסקאַר: אַזוי גיך פאָהרסטו נאָך ניט! בּיזט שוין דאָ — דאַרף מען דיר ווייזען אונזער שטעדטיל, גרעסער פון אייער כּבֿוד... באַלד הייבּען זיך אָן די קאַניקולעס; נאָר צייט האָב איך היינט אויך גענוג... ווערסט מיט מיר אפּשר אַ פאָהר טהון צום רייט־פּלאַץ? קום וועל איך דיר ווייזען מיין וועליסאָפּעד!

ראובן: איך וואָלט פריהער וועלען אַרומוואַשען זיך אַ בּיסעל, אָסקאַר, פון דעם שטויב. פופציג וויאָרסט מיט'ן פוהר, אַ זאַמדיגער וועג...

אָסקאַר: ווען ניט דער וועג, וואָלט איך שוין עטליכע מאָל געוועזען בּיי אייך; גאַנץ אָפט מאַך איך קליינע עקסקורסען אין די נאָהענטע שטעדט און דערפלעך... דער טאַטע רופט מיך הולטאַי... און אַ העלפט אַפילו, ווייס ער אויך ניט! — היעגע סחורה אָבער... נו, איך וועל ניט רעדען אויף אַנ'אייגענער שטאָדט... איך זאָג דיר אַ כּלל: אין אַ גרויסער שטאָדט איז שווער צו קריעגען עפּעס רעכטס, ס'דערלעבט ניט אויסצוואַקסען! פאַר אַ זוינעם ווי איך איז גלאַט ניט בּעקוועם. מע טרעפט זיך זעהר אָפט מיט אַ לעהרער פון גימנאַזיום, — איז דאָס אַ פּאָלק! נאָר אויב דו ווילסט — (געהט צו איהם צו, פרעגט איהם עפּעס אָהן אַ קול אויפ'ן אויער רוקט זיך אָב מיט אַ צינישען שמייכעל) דו בּיסט אַתם! בּין איך בּיי אייך אין שטעדטיל — לעב איך אַ טאָג! ס'קומען אַ העָר איירע קליינשטעטלדינגע, קריעגען זיי התפעלות, די איינריכּטונג, דער פּוץ פערבּלענדט זיי די אויגען... מיך פרעג!

ראובן: איך זעה שוין... גיעב, אָסקאַר, אַ שיסעל וואַסער.

אָסקאַר: (רופט הויך) שרה־לאה! שרה־לאה! (צו ראובן'ען) שאַ, זי איז דאָך פון דיין שטאָדט?

ראובן: אין שכנות וואוינען מיר, אַ טיר קעגען אַ טיר!

(שרה־לאה עפענט און בּלייבּט שטעהן אין טיר).

אָסקאַר: (צו שרה־לאה'ן) אַ שיסעל וואַסער פאַר'ן שוועסטער־קינד!

שרה־לאה: (אומקעהרענדיג זיך צום טיר) קום, ראובן, ס'שטעהט שוין! (אָב אין קיך)

אָסקאַר: אַ יאָ, פון אייער שטעדטיל? אַ חן'עוודיג מעדעל... אַ יאָ?

ר א ו ב ן: (הויך, גערענדיג צום קיך-טיר) מײַן שװעסטער'ס אַ חברה'טע! רעד ניט אַזוי, אָסקאַר ... (אָב אין קיך).

אָ ס ק אַ ר: (גערט נאָך איהם אין קיך).

(מיקלינגט פֿון דרויסען)

ש ר ה - ל א ה. (קומט פֿון קיך, עפֿענט)

ר ב ק ה: (אַ פֿרוי פֿון איאָהר אַכט און דרײַסיג-פֿערציג, מיט אַ שלאַנקע זעלטע פֿיגור. בעװעגט זיך פֿיל, דריקט דאָך אויס גרויסע לײַדענשאַפֿט. אַ רונדיגעס געזיכט, גלאַנציגע ניט רוהיגע אויגען, פֿולע רויטע ליפען, מיט אַ שװאַרצען שװע- רען קאָפּ האָר. קלײַדט זיך יונגער מיט פֿערדעכטיגע פּרעטענזיען).

ד אָ ר ע: (אַ זעכצעהן יעהריג מעדעל פֿון מיטעלער װאוקס, קורץ גע- קלײַדט, אַ יונגער ענטװיקעלטער קערפּער. צװײ בלאָנדע צעפּ פֿאַלען איהר איבער דער פּלײצע. אַ קלאָרען לאַכענדיגען פּנים, דער מאַמעס ליפען ... אַ לעבעדיגער נפש, לויפט אַדער שפּרינגט פֿאַר גדולה.)

(בײדע קומען אַרײַן מיט גרעסערע און קלענערע פּעקעלעך אין די הענד).

ר ב ק ה: (קוקט זיך אַרום אום) דער הערר איז דאָ?

ש ר ה - ל א ה: נײן.

ד אָ ר ע: (לויפט צו און קוקט אַרײַן אין זאַל) ניטאָ! (צו שרה-לאהן) שוין לאַנג?

ש ר ה - ל א ה: איע!... דער פּאַמאָװאַר דאַכט זיך איז שוין קאַלט געװאָרען.

ר ב ק ה: קודם-כל — די פּעקעלעך, שרה-לאה, אַהינצו... צו מיר. װײסט דאָך שוין!

ש ר ה - ל א ה: (נעהמט איבער אַלע פּעקעלעך אַװעקצוטראָגען אין זאַל, בײדע הענד װערען איהר פֿערנומען)

ד אָ ר ע: (הענגט איהר עטליכע לעצטע צוזאַמענגעבונדענע פּעקעלעך אַרום האַלז.) שוין אַלץ!

ש ר ה - ל א ה: (גערט אָב אין זאַל)

אָ ס ק אַ ר: (קומט פֿון קיך, זעהט שרה-לאהן מיט די פּעקעלעך אין זאַל מיר) דער טאַטע איז ניטאָ?

ר ב ק ה: מיר קומען דאָך יעצט פֿון גאַס! נעהם אָסקאַר, ציה מיר אַראָב דעם מאַנטעל.

ד אָ ר ע: (קוקט אָהן אָסקאַר'ן פֿערדעכטיג און לויפט אַרײַן אין קיך)

אָ ס ק אַ ר: (ציהט פֿויל אַראָב אײן אַרבעל) װאָס האָסטו עס אָנגע- בראַכט?

ר ב ק ה: װי ציהסטו? לאָז, איך װעל שוין אַלײן! (ציהט אַלײן אַראָב דעם מאַנטעל)

אָסקאַר: ווייסט, מאַמע, איך האָב דאָך דעם וועליסאָפּעד געקויפט!

רבקה: וואָס רעדסטו!

אָסקאַר: ער שטעהט שוין דאָרט בײַ מיר!

רבקה: אָי, אָסקאַר! פּונקט הײַנט איז דיר אײַנגעפאַלען... (גיט איהם דעם מאַנטעל אויפצוהענגען) נאַ!

אָסקאַר: (נעהמט דעם מאַנטעל) וואָסי?

רבקה: דער טאַטע וועט ניט בייז זײַן?

אָסקאַר: (אויפהענגענדיג דעם מאַנטעל) מילא... האַלב האָב איך איהם נאָך פאַר מיטאָג אָנגעזאָגט —

רבקה: (וואַרפענדיג אַ בליק צום הענגער) שאַ! דער שטעקען זײַנער הענגט נאָך:

דאָרע: (לויפט אַרײַן פון קיך) עפּעס אַ בחור אין קיך!

אָסקאַר: אַה, יע... ווייסט, מאַמע, ראובן דעם טאַטענ'ס פּלימעניק איז געקומען!

דאָרע: איך האָב זיך אַזש דערשראָקען: כ'קום אַרײַן אין קיך — עפּעס אַ בחור אין אַ רויט העמדיל שטעהט איבער אַ שיסעל און וואַשט זיך!

רבקה: פּונקט הײַנט!

אָסקאַר: האָסט דען אַ סך אָנגעקויפט?

שרה־לאה: (קומט אַרויס פון זאַל) איך האָב אַלץ אַרײַנגעלעגט אין לעצטען שופלאָד...

רבקה: ניט נעטהיג געווען...

שרה־לאה: (אָב אין קיך)

רבקה: (צו אָסקאַרן) צו וואָס איז ער געקומען?

אָסקאַר: גאַנץ קלוג געטהון.

רבקה: אָבער קלוג! נו... זאָל שוין זײַן; עפּעס אַ רעבּט יונגעל?

דאָרע: ווייסט מאַמע, ער איז געראָטען אין טאַטען ... וואָס איז ער מיר, אָסקאַר?

אָסקאַר: דיר? — אַליין בעגרײַפסטו עס נישט! ... דיר, איז ער אַ שוועסטער־קינד!

רבקה: דערמאָן בעסער דעם טאַטען וואָס ער איז מיט איהם...

אָסקאַר: איך האָב אויף זיך הײַנט דעם וועליסאָפּעד...

רבקה: און איך האָב דאָס מאָל אַ סך געלד אויסגעגעבען...

ד אָ ר ע : אַ שוועסטער־קינד איז אַ נאָהנטער קרוֹב ! יע מאַמע ?... איך וועל איהם געבען מײַן שטיקל זײף... שרה־לאה האָט איהם אַ ודאי געגעבען איהרע, די פּראָסטע, איז דאָס אַ חכמה! (לויפט אַרויס אין קיך)

ר ב ק ה : (גײט צו צום טיש, נעהמט אַרונטער דעם סאַמאָוואַר) טאַקי קאַלט !... (העכער) שרה־לאה !

ש ר ה ־ ל אָ ה : (קומט פון קיך)

ר ב ק ה: לײג צו אַ ביסל פײער: ש ר ה ־ ל א ה... (אַ קלינגען פון גאַס) אָט קומט ער!

ש ר ה ־ ל א ה : (נעהמט דעם סאַמאָוואַר פון טיש און גײט אָב מיט איהם אין קיך)

אָ ס ק אַ ר ; (גײט צו צו דער גאַס־טיר, בלײבט פאַר איהר שטעהן אונ צעלם'ט זיך)

ר ב ק ה : אָסקאַר ... דער טאַטע!...

אָ ס ק אַ ר : (פרעגט הויך, עקסטרא) ווער איז ?

ב ר ו ך : (פון דרויסען) עפען שאַרלאַטאַן!

ר ב ק ה : האָסטו דיר!

אָ ס ק אַ ר : (לאַכט, עפענט די טהיר)

ב ר ו ך : (קומט אַרײן אין דער אָפענער טהיר. ער איז אַ פופציג־יעהריגער פאַבריקאַנט, מיט אַ בײַכעל, לײַבט, ברייט אַנגעטהון, די האָר אויפ'ן קאָפּ און פון דער ברייט־געדיכטער באָרד זענען געלב־גרוילעך. פיהלט שטאַרק דאָס ע ל ט ע ר און איז דעריבער זעלטען אין אַ נאָרמאַלער שטימונג, אָדער גאָר דערשלאָגען אָדער געטאַכט־אויפגעלעגט. צײַטענווײַז קאַרגלעך) מאַכסט גאָר חוזק, שאַרלאַטאַן דו! (גיט אַ פאַטש מיט די הענד, סוחריש) טהע, טהע! (נעהמט אַרויס דעם זייגער) סך הכל אַרויס אויף אַ מינוט — שוין אַ שעה אַ וועק!

ר ב ק ה: אָהן מאַנטעל און אָהן אַ שטעקיל, ברוך? פונדעסטוועגען איז נאָך ניט אין גאַנצען זומער.

ב ר ו ך : זומער! זומער! ס'איז מיר אַזוי וואַרם... און בין אַזוי לײַכט אויף די פיס!... מײנסט איך האָב דיך ניט געזעהן אויפ'ן גאַס, ערשט יעצט — איך האָב מיך געוואונדערט: ווער געהט עס הײַנט אין אַ ווינטער־מאַנטעל ?...

ר ב ק ה : האָסט מיך געזעהן ? (ווערט רויטלעך) וואָס ביסטו טאַקי ניט צוגעקומען מיר העלפען צוטראָגען? האָסט דאָך געזעהן די פּעקעלעך ?

ב ר ו ך: איך האָב געוואָלט צוגעהן — בין איך אָבער געגאַנגען מיט אַ סוחר; מע צעהאַפּט די מוסטער'ן... קיין שטיקעל סחורה האָב איך שוין ניט ליגען !

אָסקאַר: אין פאַבריק איז שטיל? זיי אַרבייטען?...

ברוך: זיי אַרבייטען! זיי אַרבייטען! ס'לוינט זיי אפשר ניט?... אַ יושר גדול וואָלט געווען כ'זאָל צומאַכען די פאַבריק — ווייטער מאַכט ניט קיין סטרייקען!

אָסקאַר: וואָס וואָלסטו אויסגעפיהרט?

רבקה: (אין דער שטיל צו אָסקאַרין) שוויַיג שוין...

אָסקאַר: וואָס ווילסטו, איך פרעג וואָס וואָלט ער אויסגעפיהרט?

ברוך: מיט דיר רעדט מען דאָך גאָרניט! וואָלסטו חאָטש געווען אַ „זייערער" אַ רעכטער! — איז דאָך דאָס אויך ניט... — וואָס הערט זיך מיט טהעע? (זעצט זיך אויבען-אָן) וואָלסט חאָטש —

רבקה: (צו ברוך'ן) לאָז איהם שוין אָב... (אָב אין זאַל)

אָסקאַר: (זעצט זיך אויך צום טיש) פון „זייערע" בין איך טאַקי ניט... אין דער אמת'ן איז עס גאָר קיין עוולה ניט וואָס מע סטרייקט —

ברוך: נו — נו... פערמאַך שוין דעם נאַרישען מויל דייַנעם!

אָסקאַר: ס'איז גאָרניט אַזוי נאַריש...

ברוך: ניט נאַריש? חכם מייַנער! דו ווילסט דאָך קויפען אַוועליסאָפּעד, דאַכט זיך?...

אָסקאַר: אַ סטרייק צו אַ וועליסאָפּעד האָט ניט... (גיט זיך אַ הויב פון טיש) ווידער האָב איך איהם שוין געקויפט!... אָט ווייַז איך דיר איהם, טאַקי... (אָב צו זיך אין צימער).

רבקה: (בעווייַזט זיך אין טהיר פון זאַל מיט אַ פּאַק פּעקעלעך)

ברוך: (ניט זעה'נדיג זי, שמייכעלט) אַי, סאַר'אַ הולטאַי! סאַר'אַ הולטאַי!

רבקה: (קומט צו צום טיש און לעגט אויף איהם די פּעקעלעך) זעהסט, ברוך! — וואָס? דער סאַמאָוואַר איז נאָך ניטאָ, זי מוז איהם דאָרט אָנוואַרימען.

ברוך: (טאַפּט דורך די פּעקעלעך) עפּעס אַ גאַנצער ים... וואָס איז אַ זוינס דאָ? רבקה...

רבקה: איך דערקאָן אַליין ניט, עפּען אויף דאָס פּעקעלע וועלען מיר זעהן...

ברוך: (בינדט עס אויף און רוקט אַהין אַריין אַ האַנד) זייד... זייַד... רבקה —

רבקה: (האַלט אין אויפמאַכען איינינגע אַנדערע פּעקעלעך, לאָזט זיי ליגען, נעהמט אַרויס דאָס זיידענס פון ברוך'ס הענד, האַרפּט עס שען פונאַנדער)

זעהסט, אמת אַ שענע פאַרב?... ראָז=מאַט, פאַלט אַריין אין אַ בלאַס=
קייט... אַ שענער באַל=קאָסטיום, אמת?

ברוך: (פערביסען) יע... האָסט געמוזט אַ סך בעצאָהלען?..

רבקה: וואָס ווילסטו, אַ פראָסטער שטאָף קאָסט ניט קיין סך...

ברוך: (הייטערער) כ'מיין אַזוי!... און וואָס איז דאָס?

רבקה: (נעהמט אַרויס דעם שטאָף פון צווייט פעקעלע און וויקעלט
פונאַנדער) דאָס איז נאָך אַ קאָסטיום... פון דעם האָב איך גענומען מעה=
רער, דאָרען געפעלט עס אויך... מאַכען=מאַכט עס אויס עפּיס
טהייערער, גיעב אָבער אַ קוק אַ פאַרב! בייטאָג האָט עס אַנ'עכט ליל=
פאַרב, ביינאַכט, ענטקעגען אַ לאָמפּ, וואַרפט זיך עס אַריין אַ ביסעל אין
אַ בלויקייט... דונקעל=בלוי! אַ יאָ, שען?...

ברוך: (פערביסען-איינגעהאלטען) יע!... כ'פערשטעה אָבער ניט, צו
וואָס דאַרף מען עס... צוויי, זיידענע... (פערהוסט זיך)

רבקה: דאַרפסט דאָך פריהער געהן אָן אַ פאַלטאָ און נאָכדעם
הוסטען!... (פויזע. לעגט צוזאַמען דאָס זיידענס) הייסט עס, האָב איך די
ניט געדאַרפט קויפען? ווייסט אָבער, ברוך, קויפט מען צוויי קאָסטיו=
מען, זענען ביידע אַלע מאָל גאַנץ, מאַכט עס אויס ביליגער...

ברוך: כ'מיין אַזוי... און דאָס קליינע —

אָסקאַר: (פראַלט אויף די טהיר פון זיין צימער און בעווייזט זיך מיט'ן
וועלאָסיפּעד) צו אַל=די שוואַרץ יאָהר! — זעהסט, מאַמע, דעם וועלאָסיפּ=
עד'ל? אַ ראָד האָט זיך מיר געוואָלט איינשפאַרען און ניט דרעהען זיך!
(בלייבט שטעהן, הויבט אויף דעם וועלאָסיפּעד אויף איין ראָד, דרעהט שנעל
דאָס אויבערשטע) אָט אַזוי! איך — וועל — דיר — גע — בען!...

(טאַטע-מאַמע קוקען אויפ'ן וועלאָסיפּעד)

רבקה: (דערמאָנט זיך) שרה=לאה, דעם סאַמאָוואַר!

ברוך: (צופריעדען) אויף וואָס מע ניעט עס אויס געלד!... קענסט
חאָטש אויף איהם פאָהרען?

אָסקאַר: (וואַרפט אַריבער אויף איהם אַ פוס) נאָך אַ מין קענען!

ברוך: (הויבט זיך שמייכלענדיג אויף, געהט צו, נעהמט אָן און
בעקוקט דעם וועלאָסיפּעד) דאַרפסט שוין אויף איהם פאָהרען!... (בעקוקט
איהם אַ ווילע שטיל) אַ הונדערטער האָסטו פאַר איהם בעצאָהלט?

אָסקאַר: כמעט ווי געטראָפען...

ברוך: מיין דייטש, ס'הייסט מיין חעבער=מייסטער, האָט אַ
זעלכען, פליהט ער אָבער אויף איהם ווי אַ טייוועל.

אָסקאַר: איך וועל זיך נאָך מיט איהם אויסגלייכען אין פאָהרען!...

ברוך: שוטה אחנער! יענער דערצעהלט, אז פאָהרענדיג עסט ער אויף אַ טוץ בולקעלעך און אַ פונט קאָלבאַסע, פאָהרט און עסט...

אָסקאַר: כ'וועל זיך נאָך מיט איהם אויסגלייכען אין פאָהרען!...

רבקה (געהמט צונג'אויף די פעקעלעך): די קליינינקע קינדער, ברוך, וועסטו נאָך אַ קוק טהון?

ברוך: זאָל'ן זיי ליעגען!...

דאָרע: (קומט אריין פון קיך נאָך איהר ראובן אַנ'אָנגעוואַשענער און פערקעמטער)

ברוך (גלאָצט אויס די אויגען): ווער איז דער?

אָסקאַר: ראובן, ראובן דעם פעטער גדליה'ס!

רבקה (רופט הויך): דעם סאַמאָוואַר! דעם סאַמאָוואַר!...

ברוך (צערייצט און צוטומעלט): וואָס איז עס היינט מיט'ן סאַמאָוואַר?... נו, נאַ דיר שלום... (גיעט איהם די האַנד) ווי רופט מען דיך?...
ראובן... ראובן! וואָס מאַכט ער, דער טאַטע?

ראובן (אונגאַנגענעהם): אַזוי...

ברוך: הייסט עס, ביסטו גדליה'ס! ווי קומסטו —? יע, ווי —

דאָרע (רופט אויס): דער סאַמאָוואַר געהט!

שרה-לאה: (קומט פון קיך מיט אַ קאָכענדיגען סאַמאָוואַר)

ברוך (צערייצט): גאָט צו דאַנקען! איך שטאַרב פאַר דאָרשט...
(הייל צוגעהן צום טיש, רוקט אָב דעם וועליסאָפעד, וואָס שטעהט איהם אין וועג)
טראָג זיך מיט'ן וועליסאָפעד! און דו, דאָרע, נעהם אַראָב פון טיש די פעקעלעך!

רבקה (דאָרען): נעהם טאַקי! נעהם טאַקי!...

דאָרע: האָסט געזעהן, טאַטע, מיין בלויע מיט'ן באַרדאָ — קליידעל?

ברוך: באַרדאָ... באַרדאָ אויך?...

רבקה: אַדאַי, האָסט דען אויפגעפאַקט אַלע פעקעלעך?... נעהם זיי דערוויייל צו, דאָרע...

דאָרע: (טראָגט עס שנעל אַוועק און קומט גלייך צוריק)

ברוך (צו ראובנ'ען): נו, זעץ דיך, וועסטו טרינקען טהעע...

דאָרע (קלאַפּט אויף אַ לעדיגען שטוהל וועלכער שטעהט נעבין איהר):
זיצט ראובן: (פויזע)

רבקה (גיעסט אָן אַ גלאָז טעה פאַר ברוךן): די לעצטע קאַרטע אין אַלבאָם איז גדליה'ס, יע?

ברוך (מיט אַ ביטול): כ'געדענק, די לעצטע, די ערשטע!

דאָרע: די לעצטע! די לעצטע!

רבקה (קוקט אָן ראובנ'ן): גערעטען אַ סך אין פאָטער... (צו ברוכ'ן) דיין ברודער איז יונגער פאַר דיר?

ברוך (אַביסעל אין כעס'לעך): מאָדנע קשיות!

רבקה: זאָג ניט, און זיי ניט אין כעס!

ברוך: און אַז יונגער? — וואו האָסטו די קערשלעך?

רבקה (גיט דאָרען די שליסעלעך): נאַ, נעהם אַרויס פון קרעדענץ! (דאָרע ווייל אַב)

אָסקאַר (שרייט איהר נאָך זופענדיג פונ'ם טהעע): נעהם די אַגרעס! די קערשלעך זענען שוין ניטאָ... (דאָרע אָב.) איסאַק איז דאָ נעכטען געווען מיט דער גאַנצער קאַמאַנדאַ — זענען איהם אָבער געפעלען, מאַמע, דיינע קאַרשען!...

רבקה: ס'געפעלען איהם די קאַרשען... — וואָס הערט זיך מיט אייער שימעק'ן?

אָסקאַר: איך הויב ניט אָן צו וויסען, אַ שאָד מיר דער יונג... ער פעהלט אונז אין גימנאַזיום אַלעמען!..

רבקה: ער פעהלט אייך... אַ קלוג יונגעל טאַקי... (קורצע פויזע) וואָלטער דאָ געווען, וואָלט ער דאָך אַרייננעקומען? (צו ראובנ'ן) מאַך זיס!

ברוך: (זופט דעם טהעע) יונגער — אָבער אַ שלים-מזל!...

רבקה: וועגען וועמען רעדסטו עס?

ברוך (קוקט אויף ראובנ'ן): מיין ברודער טאַקי!... אַ מענש זאָל אַ גאַנץ לעבען אָבנעזען... הלום'ן... און אַז אַ קליין שטעדטיל?! וואָס טהוען אַלע יודען אין די קליינע שטעדטלעך? מע שלאָגט זיך צו צו עפעס!...

אָסקאַר: פלוצלונג... ענטקעגען וואָס זאָגסטו עס?

ברוך: מיט דיר רעדט מען ניט!

רבקה: טאַקי, ענטקעגען וואָס זאָגסטו עס?

דאָרע (ברענגט אַריין אַ גרויסען סלאָי מיט אַגרעס-קאָנפעטורען): אָבער אַ לעק נים געלאָזען פון די קערשלעך!

אָסקאַר: דו האָסט נאָך גערעבענט געפינען?

ברוך: ...עפעס פערשטעה איך היינט ניט? ענטקעגען וואָס זאָג

איך עס?" וואָס הייסט: ענטקעגען וואָס? — אַ שלים־מזל אַ ברודער, האָט מען פון איהם די וועלט צו זעהן!...

ראובן: (האַלט זיך קוים איין, קלאַפּט מיט דאָס לעפּעלע אין גלאָז־היבט זיך פון שטוהל)

דאָרע: (נעהמט אַרויס פון זיין גלאָז דאָס לעפּעלע, שעפּט אָן פון סלאָ־טגרעס־זאַפּט און גיעסט אַריין אין זיין גלאָז)

ראובן (נעהמט אַרויס דאָס לעפּעלע פון זיין גלאָז): איך דאַנק, איך וויל עס ניט!

ברוך: ...איך רעד ניט פון די בריעוועלעך וואָס איך קריעג פון איהם עפּטערס... דאָס געלד וואָס איך שיק איהם צו. פערגיעין איך איהם אויך — וואָרען ס'איז דאָך נאַריש: מיינער אַ ברודער!...

אָסקאַר: טאַטע... (פּויזע)

רבקה (נעהמט צו די לעדיגע גלאָז פון ראובנ'ן): ווערסט דאָך טרינ־קען נאָך אַ גלאָז טהעע? (קוקט אויף דעם גלאָז) דאָס גאַנצע איינגעמאַכטס געבליעבען אויפ'ן דעק!

ברוך: ער ווייס ניט; (צו ראובנ'ן) מיט'ן לעפּעלע האָסטו געדאַרפט אויסמישען!

רבקה: אָט גיעס איך איהם אָן אַ צווייטער.

ראובן: איך דאַנק, איך וועל ניט טרינקען!

ברוך: ביסט אַ נאַר! פון וועגן — ווילסט טרינקען טאָ טרינק!... אויף דיין טאַטען האָב איך טאַקי פעראיבעל... כ'מעג! מיינער אַ ברו־דער... האָב איך אין איהם אַזאַ חלק ווי דו!...

אָסקאַר (לאַכט): דאָס איז גוט!

ברוך: איך זאָג עס איהם, ווייל איך זעה; ער ווערט רויט... עס פערדריסט איהם — און דאָס געפעלט מיר שוין ניט... דער טאַטע דיינער — אייך אַזוי געוועזען בחור־ווייז; מיט אַ וואָרט־ניט אַזוי, האָט מען איהם דאָס בלוט אין פּנים אַריינגעבראַכט... יעצט אַ פּנים, נאָך די בריעוועלעך זיינע, פערשטעה איך, אַז ער האָט זיך אַ ביסעל געענ־דערט... ניטאָ דער אַמאָליגער האָנער!

רבקה: איך פערשטעה דיך ניט, ברוך, ערשט יעצט געקומען און ווילסט שוין, דעם ערשטען טאָג, פערמאוסען איהם, זיין טאַטע!... מיר געפעלט ער דוקא דער שוואָגער, אויף דער קאַרטע זיינער איז אויסגענאָסען אַ נ'עדעלקייט...

אָסקאַר (איז מסכים מיט דער מאַמען, אונטער דער נאָז): אום־הו...

ב ר ו ך : אַנ'ערעלקײַט! אָט דאָס איז דאָך דער אונגליק; צוליעב זײַן ערעלקײַט, דאָס הײַסט, דערפֿאַר וואָס ער איז אַ בטלן, אַ שמענעגיגע, פֿערשוואַרצט ער זיך די יאָהרען, זײַן ווײַב און די קינדער... (ווײַזט אויף ראובנ'ן) אָט פֿון איהם: אַ שענעם תּכלית געמאַכט פֿון איהם?!... אַ דם-שונא בין איך איהם פֿאַר זײַנע קינדער!

אָ ס ק אַ ר : אָי, געוואַלד, טאַטע!

ב ר ו ך : קענסט אפֿשר ניט הערען? (ווײַזט אויף דער גאַס-טהיר) האָסט פֿראַוו! איך וואָלט דיך געדאַרפֿט שיקען הענרום-פֿענדום, צו אַ פֿעטער, קענסט איהם ניט, ווײַסט איהם ניט!...

ר א ו ב ן : דער טאַטע האָט מיר טאַקי ניט געשיקט, איך בין אַלײַן געפֿאָהרען ניט אין גאַנצען צו אײַך, פֿעטער...

אָ ס ק אַ ר (הויבט זיך פֿון שטוהל) : נע! נע! (נעהמט דעם וועליסאָ-פּעד, אָב מיט איהם צו זיך.)

ב ר ו ך (צו ראובנ'ן) : אַלץ אײַנס!... ווײַזט דיר דער טאַטע ניט קײַן ווענ: דאָ געה! דאָ — ניט! איז וואָס דו זאָלסט ניט טהון, וועלכע נאַרישקײַטען דו זאָלסט בעגעהן: איז גלײַך ווי ער וואָלט דיר עס אָנ-געוויזען... אַ טאַטע האָט אויף זיך התחיבות!

ר א ו ב ן : מײַן טאַטע איז אין גאָרניט שולדיג!...

ב ר ו ך : ג אָ ר נ י ט ש ו ל ד י ג... (געהט צו אַביסעל נעהנטער צו ראובנ'ן, גאַנץ שטיל) וואָס מײַנסטו טאַקי, גלײַך צו מײַן אָסקאַר'ן... נאָך אַ יאָהר ענדיגט ער גימנאַזיום — ווײַס איך, אַז איך האָב איהם בעזאָרגט! אַ מענש צווישען מענשען... דאָס פּנים וועט איהם ניט פֿלאַמען, אין וואָס פֿאַר אַ הויז ער זאָל ניט קומען... מײַנסט אפֿשר-ער פֿערשטעהט עס, דער גראָבער יונג?!

ר א ו ב ן : וויפֿיעל מע האָט געקענט, פֿעטער, האָט מען זיך גע-לערענט; אין ע ר ט ע ר וואו מע קען ר ו י ט ו ו ע ר ע ן — רוקט מען זיך ניט... (קוקענדיג דעם פֿעטער, גלײַך אין פּנים) האָט מען געקענט אויס-קומען אָהן אַ בריעוועלע צו אײַך, האָט מען עס ניט געשריעבען.

ר ב ק ה : איך געדענק טאַקי ניט, שוין לאַנג, ראַכט זיך, ווי מיר האָבען פֿון דײַן ברודער קײַן בריעף ניט געהאַט.

ב ר ו ך (צו רבקה'ן) : ווי דו געדענקסט! (ראובנ'ן) און יעצט, דײַן קומען —? דײַן מײַן איז אַ ודאי אַ שטעלע? ניט אַלע מאָל קומט עס אָן אַזוי גרינג...

ר ב ק ה: מיר דאַכט זיך אַז דײַן געהילפס־בוכהאַלטער געהט פון דיר אַוועק?

ב ר ו ך: איז בכן? זאָל ער אָנ'נעהמען די שטעל? ביסט נאָך גאָר אַ קינד... עפּעס געניטקײַט אין געשעפט דאַרף מען דאָך אויך האָבען?

ר א ו ב ן: דערווײַל האָב איך אַנ'אויסזיכט אויף אַ שטעלע, טאַקי צוליעב דעם האָב איך אײַנגעשטעלט. ריזיקירט און געקומען!... בײַ אַנ'עקספעדיטאָר עפּעס...

ר ב ק ה: בײַ אַנ'עקספעדיטאָר... נאָכ'ן וואָגען... נאָך די פּעקליך סחורה... נעה שוין געה!

ר א ו ב ן: אָ, זאָל עס נאָר זײַן!

ב ר ו ך: דו רעדסט ווי אַ חכמה! וואָסי, עס פּאַסט איהם ניט? אַ שטעלע איז אַ שטעלע! (צו ראובנ'ן, נאָך אַ קורצע פּויזע) נאָר וואָרט... אײַלען זיך דאַרפסטו ניט, איך וועל אַ קוק טהון... ד ײַ ט ש קענסטו?

ר א ו ב ן: נײַן.

ב ר ו ך (גיט אַ מאַך מיטין קאָפּ): שלעכט... (נאָך אַ פּויזע) ר ו ס י ש?

ר א ו ב ן: אַ ביסעל...

ב ר ו ך: געזאָגט האָסטו: ער האָט דיך געלערענט, דער טאַטע דײַנער! וואָס האָט ער דיך נעלערענט? (פּויזע) און ר ע כ ע נ ע ן?

ר א ו ב ן: קען איך.

ב ר ו ך: עס קען זײַן איך זאָל דיך פאָרט צונעהמען! טאַקי ניש־מעהר ווײַל אַנ'אײַגענעם... דאַרפען שטאַרק דאַרף איך דיך ניט דער־ווײַל; אַנ'אײַגענער — לכל הפּחות, איז מען זיכער... האָט מען ניט קײן צער־נפש פון סטרײַקען —

ר א ו ב ן (פאַררײַכט דעם שנור בײַ דער בלוזע) נאָר טאָמער מאַכט זיך, פעטער, בײַ'ם עקספעדיטאָר, נעהם איך אָן...

ב ר ו ך: איך זאָג דאָך דיר: ס'האָט נאָך צײַט! וועסט זײַן בײַ מיר אַ פּאָר טעג... (בעטראַכט אויף איהם די בלוזע, לאַכט) די בלוזע דײַנע... בײַ אײַך אפשר אין שטעדטיל טראָגט מען זי אָהן אַ כוונה, דאָ וועסטו זי אויסטהון!... (נעהמט אָן דעם שלײף, שאָקעלט איהם אין זײַן האַנד) רבקה, זעהסט מײַן ברודער'ס בענ'קל? (לאַכט) ביסט אפשר אויך אַ דע־מאָקראַט? אַ קשיא אויף אַ מעשה!...

ר א ו ב ן: אַ בּאַנה אײַך, פעטער... (ציהט אַרויס דעם שלײף פון ברוך'ס האַנד)

ב ר ו ך: עס דאַרף בײַ אײַך זײַן נאָך אַ דערוואַקסען קינד, אַ ב ר ו־

דעֶר צוַי אַ ש וו עֶ ס ט עֶ ר — איִך געֶרעֶנקעֶר האָט מיִר געֶשריִעבּעֶן ... .

ר ב ק ה : אַ שוועֶסטעֶר דארף עֶר האָבּעֶן ... אָסקאַר דעֶרצעֶהלט עֶפּעֶס פוּן אַ מעֶדעֶל.

ב ר וּ ך : וואָס טהוּט זיִ, נעֶהט ?

ר א וּ ב ן : נײַן.

ב ר וּ ך : וואָס טהוּט זיִ ?

ר א וּ ב ן : איִן דעֶר הײַם איִז זיִ !

ב ר וּ ך (צוּ רבקהין) : וואָס דעֶן ... בּײַ גדליה'ן, זײַנעֶ תּכליתים !

ר ב ק ה : דיִ קלעֶנעֶרעֶ זעֶנעֶן אויך מעֶדלעֶך ?

ר א וּ ב ן : דרײַ.

ב ר וּ ך : וואָס דעֶן ... קײַן עין־הרע אַ מוֹלדיִגעֶר ! ... (ראוּבנין) דיִ עֶלטעֶרעֶ איִז אַ ודאַי אַ כּלה־מעֶדעֶל ?

ר א וּ ב ן : מײַן שוועֶסטעֶר איִז נאָך יוּנג ... אַוואוֹילעֶ שוועֶסטעֶר !

ב ר וּ ך : (נעֶהמט אָן דאָרעֶ'ס צעֶפּ , פּעֶרוואַרפט זיִי איִהר איִן פּניִם , חײַזט אויף ראוּבנ'ן) העֶרסט ? ... (פּויזעֶ , שפּיִלעֶנדיִג זיִך מיִט איִהרעֶ האָר) האָסט דאָך שוֹין אָנגעֶהויבּעֶן פּעֶרפּלעֶכטעֶן אײן צאָפּ , פּאַרוואָס וויִרעֶר צוויי ?

ד אָ ר עֶ (וואַרפט זיִך דעֶם פאָטעֶר אויפ'ן שויס) ווײַסט טאַטוּניוּ , איִך בּיִן שוֹין הײַנט געֶוועֶן בּײַ דעֶר לעֶ ה ר עֶ ר יִ ן ! — מאָרגעֶן איִז דיִ עֶרשטעֶ לעֶקציעֶ ... (קלײַנעֶ פּויזעֶ) אַנ'אַלטעֶ מאַדמאָאַזעֶל דיִ לעֶהרעֶריִן מײַנעֶ... שפּיִעלט זיִ! ס'שטעֶהט בּײַ איִהר אַ פּיאַנאָ —

ב ר וּ ך : אַזוֹי וויִ דײַנעֶ ?

ד אָ ר עֶ : אַנ'עֶלטעֶרעֶ אַ בּיִסעֶל ...

(קוּרצעֶ פּויזעֶ)

ב ר וּ ך : וויִ ווּעֶט עֶס טאַקיִ זײַן, דאָרעֶ ? טאָמעֶר פּאָהרעֶן מיִר אויף זוּמעֶר אַרוֹיס, פּאָהרסטוּ ניִט מיִט ?

ד אָ ר עֶ : (שאָקעֶלט מיִט'ן קאָפּ אויף ״ניִט״) נײַן ...

ב ר וּ ך : זאָגסט נאָר אַזוֹי !

(אַ קליִנגעֶן פוּן גאַס־טהיִר)

ר ב ק ה (צוּ דאָרעֶן) : מעֶ קליִנגט !

ד אָ ר עֶ (חאַפּט זיִך אויף פוּן טאַטעֶנס שויס) : אָסקאַר'ס חבֿרה ! ...

ב ר וּ ך : אַה , דיִ חבֿרה הוּלטאַיעֶס ... (קוּקט אויפ'ן זײגעֶר) ס'מוּז שוֹין זײַן שפּעֶטלעֶך ... (הויבּט זיִך פוּן אָרט , נעֶהמט אָנטהוּן דעֶם זוּמעֶר־מאַנטעֶל)

ד אָ ר עֶ (עֶפעֶנט דיִ טהיִר, לאָזט אַרײַן אײַנציִגווײַז) : אײַנעֶר , צווײ .

דרײַ, פֿיער — אַה, שימעק אױך! אַבי, אָסקאַר זאָגט: אַװעקגעפֿאָהרען!
(ראובן הױבט זיך אױף אין דער צײַט פֿון שטוהל, זעצט זיך אױף דער קאַנאַפּע).

אַליע (אַרײַנקומענדע גימנאַזיסטען אױסער שימעק'ן): גוט מאָרגען!

שימעק: (פֿון אונגעפֿער צװאַנציג יאָהר, אַ קלוגעם קרײַנקליכעס, בלאַסעם געזיכט, ניט גאָר קײן פֿולער קערפּער מיט ניט געשיקטע נערװעזע בעװעגונגען, לאַנגע גלאַטע פֿלאַקס־האָר אױפֿ'ן קאָפּ. טראָגט אַ רונדיגען קאַפּעליוש מיט ברײטע אָפּענע ברעגען. אָנגעטהון אין אַ נײַעם אַנצוג, װעלכער ליעגט אױף איהם ניט גלאַט. רעדט װײך, בײַם פֿערשיעדענאַרטיג דעם טאָן, װירקט אױף יעדען װי ער װיל, בלײַבט שטעהן בײַ דער טיר מיט דאָרען, גריסט די הערשאַפֿטען צום טיש מיט אַ קאָפּ בעװעגונג) טאַקי געװען אַװעקגעפֿאָהרען, אַ גאַנצען חדש צײַט!

דאָרע: פֿיער װאָכען! מ'האָט אײַך אָבגעלאָזען פֿאַר די קאַניקולעס?... שאַ! (קוקט איהם אָן פֿון אױבען ביז אַראָב) װאָס איז דאָס?

שימעק: איהר װײסט נאָך ניט? (נעהנטערין זיך אײנס צום אַנדערין און רעדען שטיל)

װאָלאָדיאַ (גריסט זיך מיט דער מאַדאַם, דאָרען, ברוך'ן): װאו איז אָסקאַר?

ברוך: ער איז דאָ דער תנא־ברא... ער שפּיעלט זיך, דאָס יונגעלע מיט אַ נײַער צאַצקע...

יאַשאַ: װאָס פֿאַר אַ צאַצקע? (לױפֿט אַרײַן צו אָסקאַר'ן אין צימער, נאָך איהם װאָלאָדיאַ)

איסאַק (צו ברוך'ן, װאָס זוכט עפּעס און האַלט בײַ'ם אַװעקגעהן): װאָס ענטלױפֿט איהר? מע אַרבײַט שױן בײַ אײַך?

ברוך: מ'אַרבײַט! מ'אַרבײַט! זאָל'ן זײ ניט אַרבײַטען!...

איסאַק: מיר נודעט שױן אױך פֿון זײ — חברה נראָבע יונגען צעלעבען זיך!

ברוך: (געפֿינט אױפֿ'ן הענגער זײַן שטעקען, אָב און גאָס)

איסאַק (קוקט אָן ראובנ'ען װאָס זיצט אױף דער סאָפֿע, שטילערהײט צו רבקה'ן): װער איז דער?

רבקה: אַ פּלימעניק אונזערער, מײַן מאַנ'ס אַ פּלימעניק...

איסאַק: (נאָך אַ קורצע פּױזע) יאָ... — װאו זענט איהר עס געבליבען געװעזען װען מיר האָבען געפּטרט אײַערע קערשלעך?

רבקה: איהר זענט גוטע נאַשערם!... מיר זענען צוגעפֿאָהרען צוהן אַ זומער־װאָהנונג.

איסאַק: בעצײַטענס?

רבקה: מײַן מאַן זאָגט: ס'איז שױן װאַרם... „זומער!" „זומער!"

אִיסאַק (שמייכלענדיג): אַזוי האָט ער אויסגערופען אייער אַלטער?
רבקה: עס גלויבט זיך אײַך גאָרנישט? (סטראַשעט איהם מיט'ן פינגער) נו — נו...
איסאַק (זאָגט צו מיט אַ געלעכטער): איך וועל שוין ניט מעהר!
רבקה (לאַכט אַליין): זומער! זומער! — אַזוי האָט ער אויסגערופען...
איסאַק: וואָס מיינט איהר — אייער אַלטער... האָט איהר געדונגען אַ שענע ווילע?
רבקה: ניט געדונגען... זיי געפעלען מיר ניט היינטיג'ס יאָהר, די זומער-וואָהנונגען.
איסאַק: נעהמט אַ ווילע נאָהענט פון שטאָדט, וועט איהר אונז האָבען פאַר אָפטע געסט... נאָהנט אַ ווילע און קערשלעך!
רבקה: נאַשערס!
דאָרע: (שטעהט און הערט וואָס שימעק דערצעהלט. שפרינגט אויף, שנעלט איהם אין נאָז) געשמאַק? (צעלאַכט זיך)
איסאַק (צו רבקה'ן): זיי לאַכען שוין! (הויך) איהם גלוסט זיך נאָך צו לאַכען... אָסקאַר האָט אײַך אודאי דערצעהלט פון איהם?
רבקה: אַרויסגעטריבען פון גימנאַזיום!
דאָרע: (לויפט צו צו דער מוטער, שימעק קומט איהר נאָך) איהר ווייסט פאַרוואָס מ'האָט איהם געהייסען נעהמען די וועג?
רבקה: מע קען זיך פאָרשטעלען: איהר האָט אַ ודאי גוט געדרש'נט, שימעק?
דאָרע: ער האָט אַ שנעל געגעבען אַ לעהרער אין דער נאָז!
איסאַק: נישמעהר און ניש ווענינער...
רבקה: פונדעסטוועגען דאַרף מען האָבען אַ דרייסטיגקייט, אַ יוד — מיר דאַכט זיך אַלע מאָל: אַז איהר זענט אין גימנאַזיום שטיל ווי די טויבען.
איסאַק: דערפאַר טאַקי, קען זיין, האָט זיך עס איהם פערוואָלט, אַ שטיפקינד ווילט זיך נאָך מעהר אַ שטיף טהון... ווידער, האָט עס געטראָפען מיט'ן פראַנצויזישען לעהרער; זאָג, שימעק, דעם אמת, האָסט געמיינט ס'וועט אַראָבגעהן גלאַט?
שימעק: (חזירט איבער) געטראָפען האָט עס מיט'ן פראַנצויזישען לעהרער... (צו איסאַקן) נאָר געמיינט האָב איך גאָרניט... פערשבורט בין איך געוועזען פונ'ם גרויסען פערלאַנג.

דאָרע (לאַכט): אַ משוגעת פון אַ מענשען, שנעלען זיך!

שימעק (ערנסט, האַלב־לויט): אַ משוגעת זאָגט איהר?...

איסאַק: דערצעהל ווי ס'איז צוגעגאַנגען, — פאַר מיינע אויגען האָט ער עס געטהון, נאָר ס'האָט מיך אַזוי צוטומעלט אַז כ'האָב ניט געוואוסט פון דעם אַלעם וואָס קומט פאָר.

שימעק (קלאַפּט איסאַקן אין פּלייצע): וויצעלט זיך, דאַכט זיך רעדט וואוילעריש... איהר האָט געדאַרפט זעהן, מאַדאַם, וואָס פאַר אַ קעלבערנע אויגען דער מענש האָט געקראָגען, אויסגעגלאָצטע, רונדיגע (צו איסאַקן) האָסט זיך גוט דערשראָקען?

אָסקאַר (לויפט אַריין): שימעק! זיי קומען אַריין, פאַלען אַרויף אויפ'ן וועליסאָפּעד און זאָגען ניט! ווי קומסטו אַהער?

שימעק: וואָס וועל איך טהון אין דער היים? איך האָב זיך דאָרט געמאַכט צו דעם היזע געקויפטען אַנצוג, נאָר אַ פּאָר הויזען, אַ רעקיל און היטעל — צוריק!... אומעדיג אין דער היים...

אָסקאַר: און וואָס האָט געזאָגט דער טאַטע? אַ טהייערער בן!

שימעק: גאָר אַ טייערער בן! וואָס קען ער זאָגען? פרעהט ער זיך מיט זעקס קלאַסען...

איסאַק: לאָז אָב מיט דיינע שאלות... זאָל ער דערצעהלען!

אָסקאַר: טאַקי דערצעהל! ס'האָט מיך אַזוי נעקרענקט וואָס איך בין פונקט דעם טאָג ניט געקומען אין גימנאַזיום... (בעקוקט איהם) ווי דו זעהסט אָבער אויס!

שימעק: (בעטראַכט זיך פון אויבען ביז אַראָב)

רבקה: טהע וועט איהר אפשר טרינקען? קינדער...

איסאַק (מיט אַ „צופּליעב" טהון): מיר וועלען טרינקען טהע... (הויבט זיך אויף און קוקט אַריין אין סלאָי קאָנפּעטורען) אַ גרעס גאָר!

רבקה: אַגרעס, אַגרעס! (צו דאָרען) רוף שרה־לאה'ן דערגיסען דעם סאַמאָוואַר, ביז ס'וועט אויפקאָכען, שימעק, וועט איהר דערצעהלען?

דאָרע (צו שימעק'ן): וואַרט, וואַרט!... (לויפט צו, צום טיר, רופט הויך) שרה־לאה! (קומט צוריק צום טיש)

(ראובן גיט זיך אַ ריהר אויף דער קאַנאַפּע און בלייבט ווידער זיצען)

שימעק: „עס איסט איינע אַלטע געשיכטע —"

איסאַק (האַפּט אונטער): „דאָך בלייבט זי אימער ניי..."

שימעק: ווייטער?

איסאַק: איך דאַרף עס ניט זאָגען...

שימעק (דערצעהלט): אין גימנאַזיום בײַ אונז איז דאָ אַ פראַנצויזישער לעהרער, מאָסיע דיופואי... אַ שאָד, אַ שאָד, מאַדאַם, וואָס איהר קענט איהם ניט! וואָס קומט אָבער אַרוים — זיי (ווײַזט איסאַקן און אָסקאַר'ן) קענען איהם יאָ, און פערשטעהען מיך וועניג... זעהט סאַר'אַ לאַבּעדיגע, נאַרישע צורות זיי האָבען אָנגעשטעלט!

איסאַק: נאָ — נאָ!...

דאָרע: שטערט ניט

שימעק (בויגט איהר דאַנקבאַר מיטין קאָפּ): מאָסיע דיו- פו- אי!... פון שטענדיג אָהן פיהל איך צו דעם דאָזיגען פראַנצויז עפּעס אַזויג'ס — עפּעס אונגעוועהנליכעס!... ביז יעצט איז מיר דער געפיהל אַליין ניט דײַטליך געווען, און האָב ניט געוואוסט וועלכען נאָמען זאָל איך איהם געבען! עפּעס וואָס האָט מיך צו איהם דערנעהנטערט... איז ער אַרײַנגעקומען אין קלאַס. — און אַרײַנקומען פלעגט ער שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, אַ נאַטור אַזאַ! — פלעגט מײַן בליק פאַלען אויף איהם דער ערשטער; אונטער מײַן פּלײצע פלעג איך איהם דערפיהלען... יעצט הויב איך עס אָהן צו פערשטעהן! אַ מאַניע מוז עס בײַ מיר זײַן צו קרום-נעזיגע. אַ פּאָר קרומע ליפּען, אַ געמבע אַ קרומע — ס'ציעהט מיך צו אַזעלכע פּנים'ער... ווי איז אָבער, אַז בײַ אונזער באָנאַפּאַרטען זענען די אַלע דרײַ אברים צורעכט-געמאַכטע — ? פאַר מיר טאַקי בעשאַפען געוואָרען!

רבקה: איך האָב עס ביז יעצט ניט געוואוסט, שימעק...

שימעק (געצויגען) ניין?... ?... (שטילערער) וויען ליפּען בעריהרען ליפּען—שטומען די מײַלער, און מענשען וואָס האָבען זיך געקושט קענען ניט אײנער דעם צווײטען.

שרה-לאה: (קומט אַרײַן פון קיך, בלײַבט שטעהן אין מיטין צימער)
(ראובן שפּאַרט דעם קאָפּ אָן ווענטיל פון קאַנאַפּע)

רבקה (דערזעהט שרה-לאהין): דעם סאַמאָוואַר, שרה-לאה, אָנוואַרימען... לאָזט איהר צו קינדער!

שרה-לאה: (געהט צו צום טיש צווישען שימעק'ן און איסאַק'ן, נעהמט דעם סאַמאָוואַר און טראָגט איהם אוועק אין קיך)

איסאַק: אַ שטיל מײַדעל...

שימעק: ער בעמערקט די שטילע... מיר וואַרפען זיך די שטילערע ניט אַזוי אין די אויגען...

רבקה: לאָבּוסעס!... דערצעהלט, שימעק, ווײַטער.

שימעק: ווי איהר זעהט, מאַדאַם, האָט זיך עס ביי מיר ענטוויקעלט אַ שוואַכקייט, אַ שוואַכקייט צו אונזער פּראָנצויז, אַ לאַנגאָניגע... אַלע אברים זיינע זענען נאָך געווען צו דערלייַדען, נאָר די נאָז! די נאָז!...

רבקה: אַ ביסעל אַ קרומליכע?

שימעק: „אַביסעל קרומלעך"!... וועלכע נאָז איז עס ניט אַ ביסעל קרומלעך? (מאַכט אַ פּויסט) אָט אַזוי! דאָס הייסט, אויסער די קרומקייט איז ער אין עק ווי אַ קולאַק — און רויט —

איסאַק: נעט נאָר אַ קוק אַ התפעלות!

שימעק: אַז זיי זענען קיין מבינים ניט!... איך וועל אייך נאָר ברענגען, מאַדאַם, מיין ביבלאָטהעק — ביי מיר אין ביבלאָטהעק וועט איהר ניט געפינען קיין איין ראָמאַן, קיין איין ערצעהלונג... ליידער האָב איך פיינד!... מיין גאַנצער ביכער-שאַנק בעשטעהט פון הומאָריסטישע זשורנאַלען, בלויס קאַריקאַטורען!... אַנאָרימער מענש. מאַדאַם פון וואַנען איך שעפּ אויף דאָס לעבען... דערפאַר אָבער, זעען איהר געהט פערביי מיין וואָהנונג אין אַ מיט'ן נאַכט ווען מיך נעהמט קיין שלאָף ניט, הערט איהר מיך לאַכען — הויך לאַכען!... איך ליעג אין בעט און מיש די דיקע גלאַנציגע בלעטער — און עס שוועבען מיר פאַר די אויגען מענשען מיט דינע פיסעלעך, מיט קליינע פייגעל-קעפּלעך... און מיט בייכער — איכפעריעס! אָדער פונקט פערקעהרט: איינגעפאַלענע, איינגעשרומפּענע בייכלעך, און מיט קעפּ — צעבערס... דער עיקר זענען די נעזער, — פּאַק איך אַ נאָז. איז שוין אַ גוטען טאָג מיט'ן שלאָפען!

איסאַק: דו צעציעהסט שוין צופיעל, שימעק:

אָסקאַר: ניין, ניין! דערצעהל טאַקי אַלץ, פערפעהל ניט! (רופט צו זיין טהיר) יאַשאַ! וואָלאָדיאַ! (צו די אַרום-טישיגע) וואָס טוהען זיי דאָרטען?!

דאָרע: אַ וואָרג האָסטו! זאָלען זיי דאָרטען זיין... מאַמע, זאָל שימעק דערצעהלען ווייטער!

רבקה: דערצעהלט...

שימעק: איהר פערלאַנגט —

רבקה: מיין טאָכטער!

שימעק: און איהר?...

רבקה (ווערט רויטלעך): דערצעהלט שוין!

שׁ ִ מ ע ק: ... פֿרעהליך איז מיר, און גוט, מאַדאַם, און מײַן צימער צווישען מײַנע בעליעבטע זשורנאַלען, זײ זענען בײַ מיר פֿער־שפּרײַט איבער'ן גאַנצען צימער און לאַכען מיר אַראָב פֿון טיש, פֿון די שטוהלען, פֿון בעט, און פֿון די וועגד — אַנ'אינטערעסאַנטע קאַרי־קאַטורע רײַס איך אַרויס פֿון זשורנאַל און העננ זי אויף דער וואַנד... ווער איז עס הײַנט בײַ מיר פֿון זײ געװען? (איסאַק'ן) דו טאַקי! האָסט געזעהן דאָס בילד איבער'ן וואַש־טיש?

א ִ ס אַ ק (טראַכט, דערמאָנט זיך): אַ! חאַ – חאַ – חאַ! נו אַ פּ אָ ר ל! טשאָרט, ניט געלאָזט אַראָבנײַסען פֿון וואַנד!...

ר ב ק ה: וואָס איז דאָרט בײַ אײַך פֿאַר אַ בילד?

שׁ ִ מ ע ק: ניט וויכטיג... אַלץ ניט דאָס וואָס אונזער פּראַנצויז!... איהר שטעלט זיך עס גאָרניט פֿאָר? אַלעבערינגען, אַ חי אַ נאָז?

י אַ שׁ אַ (מיט וואָלאָדיאַ'ן שלעפּען אַרײַן דעם וועליסאָפּעד): אָסקאַר, האָסט געקראָגען אַ פּאָמפּע זײ צו פֿערשטײַפֿען?

ד אָ ר ע: זײ זענען שוין דאָ: אָדער הערט, אָדער טראָגט זיך ווײַטער אהין צו אָסקאַר'ן!

אָ ס ק אַ ר: כ'האָב, כ'האָב, שפּעטער אַ ווײַלע!...

ו ו אָ ל אָ ד י אַ: אַ, שימעק דערצעהלט שוין די נסים!...

(זײ בײדע אַרבײַטען בײַ'ם וועליסאָפּעד און מיט צימער, פּרובירען זיך זעצען א. ז. וו.)

שׁ ִ מ ע ק (דערצעהלט ווײַטער) פֿון דער ערשטער רגע אָן, שוין פֿונ'ם דריטען קלאַס בין איך צו מײַן לעהרער ניט געווען גלײַכגיל־טיג... אין פֿיערטען, אין פֿינפֿטען קלאַס פֿלעג איך שוין מיט אַ דער־שטיקטען לאַך ניט שטילען דעם געהײמען ציטער... נאָך שפּעטער, ווען מײַנע זשורנאַלען פֿלעגען מיר ברענגען גאָר אַ סך נײַעס—פֿלעג איך דערמזעלבען ציטער עפּטערער פֿיהלען; אַ מאָדנער ציטער'ן איז עס!... פֿון זעקסטען קלאַס בין איך אַרויס גליקליך נאָר קראַנק... און אין זיבעטען האָט עס געפּלאַצט!... (פּויזע) אַ טבע האָט ער אונזער לעהרער לײַכט אַ דרעמעל טהון — אַ יאָ חברה?

אַ ל ע (גימנאַזיסטען): אמת! אמת!

שׁ ִ מ ע ק: אויף דער לעקציע, ווען ס'פֿלעגט קומען צו מיר, פֿלעגט מיר די גאַנצע האַנד ציטער'ן, די רעכטע... אַם מעהרסטען די צוויי פֿינגער (ווײַזט די שנעל־פֿינגער) איך פֿלעג שפּירען ווי זײ ציעהען זיך אינסטינקטיוו — און קוים גיב איך נאָך, קלעבען זײ זיך איהם אַרײַן אין

נאָז ... – עמיץ פון אייך האָט אַוודאַי געלעזען דעם ראָמאַן: „אַ מענש אַ היה"?

רבקה: איהר לעזט ראָמאַנען!

שימעק: ניין, דער פונקט איז מיט אַ צופאַל מיר אויף די הענד געקומען, אין אַ מאָדנעם איינבונד געווען —

דאָרע: איך האָב איהם געלעזען!... (נאַאיוו, מיטפיהלענד) ער האָט דאָך איהר געשחט'ן, סעווערינאַ'ן!...

שימעק (אין דעם זעלבען טאָן): איך האָב איהם טאַקי אַ שנעל געטהון! ... (אַלע לאַכען)

רבקה: וואָס איז עס פאַר אַ בוך?

שימעק: ס'ווערט דאָרט דערצעהלט פון אַ מענשען וואָס זיין עס פלעגט איהם אויסקומען צו ליעבען אַ פרוי, האָט ער זי געמוזט שחט'ן...

רבקה (פערציטערט לייבט): שרעקליך טאַקי... פי! לייען ניט, דאָרע, אַ זוינע ביכער!

שימעק: אַ זוינע ביכער!

רבקה: פון קראַנקע אונגאָרמאַלע —

שימעק (פערטראַכט): ער האָט דאָך זי געשחט'ן סערווערינאַ'ן... (פויזע) אָט אַזאַ שלאַפקייט, האָב איך געקראָגען צו מיין לעהרער... יעדע לעקציע פלעגט מיך מאַכען קראַנק ... די צוויי פינגער, די שנעל-פינגער זענען מיר געוואָרען ווי אָבגעשטאָרבען...

דאָרע (טוליעט זיך צו דער מאַמען): מאַמע, ער מיינט עס מיט אַנ'אמת... איך הויב שוין אָן מורא האָבען פאַר דעם שימעק'ן...

איזאַק: שימעק דערצעהלט דעם אמת... נאָר איהר, דאָרע, שרעקט זיך ניט — (נעהמט אַרויס אַ קליין טאַשענשפיעגעלע) נאַ'ט, קוקט זיך איין, איהר האָט אַ שען פראָסט נעזיל!

דאָרע: (נעהמט פון איזאַקין דאָס טאַשענשפיעגעלע, קוקט זיך איין)

רבקה: (נעהמט דאָס זעלבע שפיעגעלע פון דאָרע'ן קוקט זיך איין, פויזע) מיט מיינעם קען איך אויך זיצען רוהיג...

אָסקאַר: (נעהמט דאָס שפיעגעלע פון דער מוטער, קוקט זיך לאַנג אָן, רוקט זיך גנבה'יש אָב, ווייטער פון שימעקין, שטעלט זיך נעבען דער מוטער.)

שימעק: זיי ווייסען קיינער ניט וויפיעל מיה, וויפיעל אָנשטרענגונג ס'האָט מיך נעקאָסט דאָס „איינהאַלטען זיך"... דעם לעצטען טאָג, דעם טאָג פון דער קאַטאַסטראָפע, האָב איך ניט געוואָלט געהן אין

גימנאַזיום — ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר נעזאָגט! אַ גאַנצע נאַכט אָבגעלאַכט אויף קאַריקאַטורען... אַלע נערווען זענען מיר געוועזן וואַך, אָנגעגריפען, און שטייף ווי דראָט... און ניט אומזיסט איז געווען מיין שרעק! ווי מיין פּראַנצויז איז אַריין אין קלאַס, אַזוי איז דער מיטעלפינגער אַרויף אויפ'ן גראָבען אין אַ קעלט איז מיר אַדורך איבער'ן לייב... איינער אַ פּראַוואָסלאַוונער (צו די חברים) טשופּראָוו, איז געזעסען נעבען מיר, האָט ער מיך אַ פרעג געטהון: וואָס ביסטו עס געוואָרען אַזוי בלאַס?..

ד אָ ר ע (טוליעט זיך צו רבקה): זאָל ער אויפהערען צו דערצעהלען...

אָ ס ק אַ ר (צו דאָרען): טאָמער שוויַיגסטו!

ש י מ ע ק — דאָס דאַרפט איהר וויסען, אַז איך זיץ אויף דער ערשטער באַנק, ענטקעגען א י ה ם... איך זאָל נאָר אויסציהען די האַנד – (קורצע פּויזע) פונקט האָט ער מיך אויסגערופען!... איך שטעל מיך אויף און זאָג — דעם קאָפּ אָנ'אַזייט, (פערוואַרפט דעם קאָפּ רעכטס פון דער מאַדאַם) אָט אַזוי: — אין מיט'ן אָבער, ניט ווילענדיג, פאַלט מיין בליק צוריק — אָי די נאָז! די נאָז! דערצו נאָך דרעמעלט ער... איך שפיר: אָט, אָט... איך קאָוויר שוין באַלד ניט פאַר זיך, גיעב איך אַ געשריי —

א י ס אַ ק (ערנסט, קוים דערשראָקען): יע... יע... איך געדענק — ער האָט טאַקי אַ געשריי געטהון:

ש י מ ע ק — מיין פּראַנצויז רייסט אויף די אויגען: קעסק'סע?! קעסק'סע?! איך פערקריץ שטאַרק מיט די ציין און זאָג וויַיטער מיין לעקציאָן, ווי געוועהנליך... חברה אויף די בענק לאַכען, מיינען אַז איך האָב איהם גלאַט געוואָלט איבערשרעקען, געהען אָבער ניט אַוועק צוויי דריי סעקונדען — דער קאָפּ פאַלט איהם שוין ווידער אַראָב... (פּויזע. שימעק מאַכט איהם, פערטראַכטערהייד, עטליכע מאָל נאָך, ווי דער קאָפּ פאַלט איהם שלעפריג הין און צוריק) וואָלט זיך האָטש די נאָז ביים איינבויגען-זיך ניט געזעהן! ש י נ ט זי אָבער אַרויס — אין גאַנצען! (שנעל) איך געדענק ניט וואָס און ווען (לאַנגזאַמער) אַז איך ביוג מיך איבער דער באַנק און-(פאַלט אויף אָסקאַר'ן איבער'ן טיש און שנעלט איהם).

. (אַלע לאַכען הילכיג, מע צעוואַרפט זיך איבער'ן גאַנצען צימער)

ר ב ק ה: איי שטיפער! שטיפער! (שטעהט אויף אַרײַנצוגעהן צו זיך אין זאַל) יעצט פרעג איך אייך, שימעק, צו וואָס האָט איהר עס געדאַרפט?... ווי איז עס, אין אַנ'אַנדער גימנאַזיום וועט איהר קענען אַריין?

י אַ שאַ (ביי'ם וועלטסאָפער): מיט אַ וואָלפישען בילעט שווערליך...

רבקה: אַ ווילדע שטיפעריי... יעצט מוז עס אייך פערדריסען, שימעק?

איסאַק: פערדריסען הײַנט, פערדריסען מאָרגען — אַז אַ מענש האָט אַ שוואַכקייט!

אָסקאַר: (קומט צו גנבה'ש הינטער שימעקין, שנעלט איהם און צעלאַכט זיך נאַריש-הויך) חאָ — חאָ — חאָ! חאָ — חאָ — חאָ!

שימעק (קעהרט זיך צו איהם אום): זעהסטו — דאָס איז שוין אַניעוולה, גלאַט אַזוי שנעלען... איך, אַז איך שנעל —

רבקה (פאַלט אַריין אין אַ פרישען טאָן): קינדער! מבינים אויף דאַמען שטאָף זייט איהר? וועל איך אייך אויפפאַקען עטליכע פעקעלעך, סיי ווי סיי קומט באַלד די שנײַדערין.

איסאַק: אַדרבא, ווײַזט טאַקי!

רבקה (אָב אין זאַל).

דאָרע (וויל נאָכגעהן דער מאַמען).

איסאַק (וואַרפט זיך ענטקעגען און פערשטעלט איהר די וועג).

דאָרע: לאָזט, איך האָב מורא פאַר שימעק'ן... אַ מאָדנער שימעק!

איסאַק: (שמייכעלט איהר ליעב אין פנים אַריין) אי — ער לאַכט עס!...

שימעק (געהט פערבײַ איסאַקין פון הינטען און שנעלט איהם): איך לאַך עס!

איסאַק (שנעלט מאָמענטאַל דאָרע'ן): נאַ'ט אײַך! (לויפט אָב מיט אַ בעהאַלטענע נאָז אין די הענד צו אַ וואַנד).

דאָרע (לויפט אָב מיט אַ בעהאַלטענע נאָז צו אַ צווייטער וואַנד, סטראַשעט איהם): וואַרט, וואַרט!

אָסקאַר (געהט צו יאַשאַ'ן): און דו יאַשאַ, וואָס אַרבײַטסטו אַזוי לאַנג בײַ דעם וועליסאָפּעד? (שנעלט איהם אין נאָז און לויפט אָב מיט אַ פערשטעלט פנים צו אַ וואַנד ווי פריהערינגע).

יאַשאַ (כאַפּט זיך אין כעס אויף): אידיאָט! (קוקט זיך אום, זעהט אַלע האַלטען זיך פאַר די געזיכטער, שמייכעלט, געהט צו צו וואָלאָדיאַ'ן וואָס פּאַסטרעוועט אַלץ בײַם וועליסאָפּעד, ציעלט זיך און שנעלט) אָט אַזוי: (לויפט אָב צו אַ וואַנד ווי פריהערינגע).

וואָלאָדיאַ: (שטעהט אויף פון קניען, לאָזט אָב פון פערווירונג דעם וועליכאָפּעד, ווערט בלאַס פאַלט).

אָסקאַר (אונטער'ן נאָז, פֿון דער וואַנד): וואָלאָדיאַ, ביסט אַראָב פֿון זינען? דער וועליסאָפּעד.

וואָלאָדיאַ: זאָגט אוים, ווער? (קוקט זיך אום, אַלע האַלטען בעהאַלטען די געזיכטער, ער בלייבט שטעהן, קוקענדיג אויפ'ן איינגעדרימעלטען ראובן, וועלכער זיצט אָנגעשפּאַרט מיט אַניאָפּען געזיכט) ווער איז דער?

אָסקאַר (אונטער דער נאָז): געה צום טייַחעל!...

איסאַק (אונטער דער נאָז): גיעב! גיעב!

אָסקאַר: אַשוועסטערקינד מיינער... העד אויף.

וואָלאָדיאַ: ווער??

איסאַק: גיעב! גיעב!

וואָלאָדיאַ (געהט צו צום שלאָפֿענדיגען ראובן).

דאָרע (אונטער דער נאָז, קוויטשעדיג): מ'דאַרף ניט! מ'דאַרף ניט!

וואָלאָדיאַ (פֿערמעסט זיך, שנעלט): וואָט!

ראובן: (שפּרינגט אויף, בעטראַכט זיך אַ סעקונדע ניט קלאָר, וואַרפֿט זיך אַרויף אויף וואָלאָדיאַ'ן אויפֿגערעגט, וואַרפט איהם אויף דער סאָפֿע, אַלע שרייען לויט פֿון די ווענד, ווילען צולויפֿען און בלייבען אויף זייערע ערטער. שרה-לאה — קומט אַריין מיט אַ קאָכיגען סאַמאָוואַר, בלייבט שטעהן דערשראָקען, דבקה בעווייזט זיך מיט אַ סך שטיקער צעוואָרפֿענע פֿערשידענפֿאַרביגע זיידענס פֿון זאַל.)

פֿאָרהאַנג.





# די סצענע.

ווי אין ערשטען אקט, דאס מעבעל איז מעהרסטענטהייל בעלייגט מיט לייוואנד. מע דארף עס נאר פערהעקלען מיט שפילקעלעך.

---

שרה־לאה: (שטעהט אויף א שטול, ענדיגט פערדעקען דעם הענג־לאמפ. געהט אראב פון שטול, נעהמט פערציהען דאס איבריגע מעבעל. די סאפע, א. ז. וו.)

(א קלינגען פון גאס)

שרה־לאה (אײלט עפנען): א הא!

ראובן. (קומט ארײן אין א רעקיל אויף א רויטער בלוזע מיט א גראבען שטעקען אהן א העגטיל).

שרה־לאה: א גאסט ביי'ם פעטער!

ראובן: ער איז דא, דער הער פאבריקאנט?

שרה־לאה: ניטא איהם... און וועט ניט אזוי גיך קומען.

ראובן: קיינער ניטא. (נעהמט גלייכגילטיג ארויס א ביכעל אהן טאוועל) נא! (דרעהט זיך ארום אין צימער).

שרה־לאה (לייענט פון דעם פארערבלעטיל, לאנגזאם) דער אכט־שעה'דיגער ארבייט'ס־טאג..

ראובן (גלייכגילטיג): לעז עס ניט יעצט. (בלייבט שטעהן, קוקט אן מיט א שמייכעל דאס מעבעל, הויבט אויף דעם קאפ צום לאמפ) אין ווי־סען – תכריכים־קליידער... ווילסט מקבר זיין, שרה־לאה, דעם גאנצען לוקסוס?

שרה־לאה (לייגט דאס ביכעלע אין טאש): זיי קלייבען זיך אויף א זומער־וואהנונג.

ר א ו ב ן: אַלע?
שרה-ל א ה: די קלײנע דאָרע בלײַבט.
ר א ו ב ן: און דו?
שרה-ל א ה: איך?... איך װײס נאָך ניט.

ר א ו ב ן (לײגט אַ האַנד אויף איהר אַקסעל, פרײנדליך): בלײַב דאָ, שרה-לאה!... ביסט נעכטען ניט געװען אויף דער ב י ר ז ש ע? (נעהמט אַראָב די האַנד פון איהר אַקסעל).

שרה-ל א ה: ניט אױסגעקומען מיר זײן נעכטען אין גאַס... דיך זעהט מען דאָרט גאָרניט!

ר א ו ב ן: נו... איך האָב עפּעס אויסער דער בירזשע! — מאָר-גען קום, װעסטו קריגען ליטעראַטור, — פאָהרסט דאָך אַװעק אויף אַ גאַנצען זומער!

שרה-ל א ה: הײַנט קומען זײ פון זומערװאָהנונג װעלען מיר װיסען.

ר א ו ב ן: דער פעטער איז דען אויך געפאָהרען? חאַפּט איהם דער טײַװעל! ער װײס אַז ער פאָהרט אַװעק און הײסט מיך קומען... אַ גראָבע בויך!

שרה-ל א ה: דו אײַלסט דיך?!

ר א ו ב ן: בײַ מײַן עקספּעדיטאָר-לעב איז ברוך-השם דאָ אַרבײַט... צו יעדעס װאָרט און צו יעדער מינוט, זאָגט מײַן עקספּעדי-טאָר: „ברוך-השם!“ — „מע דאַרף שיקן אױסשמירען, ברוך-השם דעם ראָלװאַגען. ער סקריפּעט שױן, ברוך השם... —“ האָב איך עס מיר נעכטען איבערגעשמירט די הענד!... ערף אַ װײַגער בײַ-נאַכט, הײסט ער מיר געהן װעקען דעם גוי אױסצושמירען דעם װאָגען, מע זאָל ניט רײַ-בען צײַט אויף מאָרגען אין דער פריה... װעל איך דען געהן װעקען — אַז יענער שלאָפט. נאָך אַ גאַנצען טאָג זיצען אין היץ אויפ'ן װאָגען און ציִהען די לײצעס?... (לייגט די הענד צום נאָז, שמעקט) דערגעבטס!

שרה-ל א ה: דו זיצסט אויך אויפ'ן װאָגען?

ר א ו ב ן: ניין... איך געה איהם נאָך — בעסער ג ע ה ן... צו פאַמעליך פאָהרען זײ, די ראָלװעגען, מ'זאָל אויף זײ קאָנען זיצען...

שרה-ל א ה: געהסטו?

ר א ו ב ן (הויבט אויף אַ פוס): זעהסט, אײן לאָך — (װײַזט אויף דער צװײטער פוס) און דאָ די צװײטע... װען דער װאָגען איז ליידיגליך, האַלט איך זיך הינטער איהם, איז ער פולגעה איך איהם פאָראויס...

פינקט פערקעהרט ווי מײַן עקספעדיטאָר וויל... אויף דער סטאַנציע יאַרט ער אונז שוין אָב, דער אַלטער, וואַרפט אַ קאַפּיטאַליסטיש אייגעל אויפ'ן ראָלוואָגען און גיט זיך אַ זאָג פאַר־זיך: אַ פולינקער ברוך־השם... מײַן פעטער גיט איהם אויך פעקלעך.

שרה־לאה: קומסטו יע אַרײַן צום פעטער אין פאַבריק?

ראובן: ווען ער פאַקט סחורה. צו אַל־די שוואַרץ־יאָהר! דער פעטער'ל מײַנער ווערט אַ נישקשה'דיגער עושר'ל... יעדען טאָג שיק איך אַוועק זײַנע פעקלעך.

שרה־לאה: קריגסט בריעף פון דער־היים?... האָסט געטהון אַ נאַרישקײַט, ראובן, וואָס דו ביסט ניט אָנגעקומען צום פעטער, ער וואָלט דיר גוט געצאָהלט... ווידער — אַ נודנע אַרבײַט מוז עס זײַן: נאָכגעהן נאָך אַ וואָגען?! יעדען טאָג דורכזײַן בײַ אַלע פאַבריקאַנטען, האָסט דאָך זיי ליעב!

ראובן: נאָך דעם „ברוך־הבא" וואָס איך האָב געהאַט בײַ'ם פעטער איז מיר דער עקספעדיטאָרל געווען ווי געוואונשען... האָסט געזעהן, שרה־לאה, מײַן עקספעדיטאָרל? (בייגט אַראָב די האַנד און מעסט זיך אָב אין דער העלפט) אָט אַזוי גרויס איז ער, אַז איך רעד מיט איהם הייב איך זיך נאָך אויף די שפיץ פינגער — (ציעט זיך העכער, די הענד אין די זײַטען) העררר שאַפיר, אײַנקויפען מיט אײַער ווײַב גערה איך ניט!... קענסט זיך פאָרשטעלען ווי שען דאָס זעהט אויס...

שרה־לאה (שמייכעלט): אײַנקויפען שיקט ער דיך?

ראובן: אײַנמאָל, זונטאָג — ניטאָ אַזוי פיעל אַרבײַט איז איהם אײַנגעפאַלען... האָט מיר צוגעטראָגען דאָס קוישיקעל; וועסט אַזוי גוט זײַן... אַ בעל־הבית — זאָגט ער מיר דו!... דער פעטער מײַנער רופט מיר ראובק'ע... גיט מיר מחמת פעטערשאַפט לײַכט אַ קלאַפּ אין פלייצע: פאַסטאַרע דיך די קוויטאַנציעס פון די פעקלעך וואָס גיכער!...

שרה־לאה: אַזוי גאָר... ער איז פרײַנדליך? איך האָב געמיינט אַז ער וועט זײַן אויף דיר ברוגז, וואָס דו האָסט זיך אָבגעזאָגט פון זײַן שמיעלע.

ראובן (אין פעטער'ס טאָן): אַדרבה אַ מענשען... מע קריגט זיי!... און פרײַנדליך זענען זיי אַלע; דאַכט זיך אַ קלײַנע זאַך — די קוויטאַנציעס, אַביסעל פריהער אָדער אַביסעל שפעטער ברענגען זיי פון באַהן, און דאָס בעשאַפט זיי אַ זיסען שמײַכעל אויף די פנים'ער, האָפען פון חבר'שאַפט און דוצען מיר; ניט אײַנמאָל האָב איך זיי געוויזען מײַן

פאספארט און געטײַט מיט די פינגער איף די צוואַנציג יאָהר וואס איך האָב :

שרה-לאה: זײ פערשטעהען דען?

ראובן: אַ והאָ-ראיה אַז זײ פערשטעהען: מײַן עקספּעדיטאָר האָט מיר שוין דערמאָנט, „— ראובן דו ווייסט ניט ווי צו רײדען מיט אַ פאַבריקאַנט! אַ פאַבריקאַנט צו אַ פאַבריקאַנט איז ניט גלײַך ... גיט מיר אַ פּיק: מײַן פעטער, הײסט עס. איז אַ מענש וואָס מאַכט פון זיך ניט קײן מורנו, האָט ליעב אַ גלעזעל-טערל... איך האָב טאַקי געטײַנט אַז אַלע הינד האָבען אײן פּנים. יעצט ווײס איך אָבער, אַז יעדער פאַבריקאַנט האָט זיך זײנ'ס... מײנסט ס'איז ניט אינטערעסאַנט? —

שרה-לאה: ווייסט, ראובן, דײַן פעטער איז נאָך צו דער-האַלטען.

ראובן: אָהאָ, מײַן פעטער! מײַן פעטער האָט מיך געהײסען קומען, וואָס קען ער מיך דאַרפען? ... ער האָט געביטען דעם בעל-הבית-טער. שוין עטליכע טעג ווי איך זעה בײ'ם פולט זיצען אַ נײַעם פּנים, עפּעס יע בעקאַנט ניט בעקאַנט —

שרה-לאה: שמעק'ן אַ ודאי!

ראובן: עפּעס געדענק איך איהם ניט, די חיה... אַ האָנאָר האָט עס אַ גרויסען! ... נעכטען האָבען מיר איינגעפּאַקט אַ באַלען סחורה אין באַלטען אַרײַן; איך מיט'ן גוי האָבען זיך געמאַטערט אַ קײַקעל טהון איהם צום וואָגען — און פון אָרט ניט! דער פּראַנט אין קראַגען, זיצט זיך (ווײזט ווי ער זיצט) אָט אַזוי! (שטעהט אויף פון שטוהל) זײַט מוחל פאַני בעל-הבית'טער! — פערקרימט ער זיך ווי עפּעס רעכטס פון כעס — און: „— זײט ניט קײן עזות-פּנים! —" האָב איך מיך צעלאַכט און בין אַרויס רופען דעם צווייטען גוי פון וואָגען ...

שרה-לאה: האָבט איהם טאַקי ניט געדאַרפט וואָגען ... דו ווילסט — העלפסטו דעם גוי!

ראובן: איך האָב דיר דאָך געוויזען זײַן זיצען ...

שרה-לאה: מילא, — דו געדענקסט איהם אָבער ניט? אָסקאַר'ס אַ חבר ...

ראובן: אַהאַ! דעמאָלס... חברה לעדיג-געהער!

שרה-לאה: מאָדנע חברים האָט ער, אָבער אַלע...

ראובן: ניט ערגער פאַר איהם, שרה-לאה!

שרה-לאה: אָ, יע!

ראובן (בעטראַכט אַ ווײַסע שׂרה־לאהן) : אַ געמײַנער יונג אָסקאַר, האַ, שׂרה־לאה?

שׂרה־לאה : זעהר ... (העדט איין פערדעקען, ווענדט זיך צו ראובנ׳ן). טרעף וואָס ער האָט מיר נעכטען געזאָגט:

ראובן (ווארפט אין דער הויך דעם שטעקען, ווארט ביז ער פאַלט איהם אין די הענד —) וואָס?

שׂרה־לאה: אַז איך בין אַ שען מײַדעל.

ראובן: אַיאָ? — דו געפעלסט איהם... (פויזע) שׂרה־לאה, פאַרוואָס זאָלסטו איהם ניט געבען אַמאָל אַ פּאַטש? (הויבט אויף די גאַנצע האַנד־פלאַכע) אָט אַזוי:

שׂרה־לאה: פאַר אַזוינע ליבע ווערטער קומט נאָך קיין פּאַטש ניט... אַ פּאַטש האָב איך איהם געגעבען בײַנאַכט... די מוהמע דײַנע, איז אויפגעשטאַנען אין דער פריה מיט אַ נײַם: אָסקאַר׳ן איז בײַ נאַכט געגאַנגען בלוט פון נאָז! די גאַנצע קישען רויט... — (קורצע פויזע) אַ פלאַם אַ יונגער מאַנן!

ראובן (ניט קלאָהר) : וואָס?

שׂרה־לאה: אויף מײַן בעט האָט ער זיך געזעצט.

ראובן: ווי דו רעדסט, שׂרה־לאה!...

שׂרה־לאה (שטיל) : אויף אַזוי פיעל נאַאיו בין איך ניט — אַ שאָד... אין דעם איז שוין די שטאָדט שולדיג, ראובן... דאָך שעם איך מיך ניט דיר די אויגען ווײַזען —

ראובן (טרעט צו איהר צו) : ווײַז מיר זיי!

שׂרה־לאה (שטעלט זיך איהם מיט אָפענע אויגען ענטקעגען) גלויבסט ניט, — קוק!

ראובן (פאַלט לאַנגזאַם צו זיי צו מיט די ליפּען).
(פויזע)

שׂרה־לאה (דער קאָפּ פאַלט איהר אַביסעל אַראָב, גאַנץ שטיל) : ווען ער איז אַוועק פון קיך האָב איך פון זיך דאָס לײַלעך אַראָבגעוואָרפען, אַזוי הײס איז מיר געווען... און געטראַכט האָב איך פון דיר, ראובן, — פון טאַטען האָב איך געקריגען אַ בריעוועלע: — אפשר וועסטו פאָהרען אַהיים, שרײַבט ער מיר, איך האָב פאַר דיר אַ חתן!...

ראובן (קושט איהר אויף די ליפּען) : פאַרוואָס האָט ער דיך בעליידיגט, פאַרוואָס האָט ער דיך בעליידיגט?... ווען ער זאָל דיך קושען אַזוי ווי איך, וואָלסטו — וואָס וואָלט געווען?...

שרה-לאה: ווער ווייס? ווער ווייס?
(אַ קלינגען פון גאַס).

ראובן: עמיצער קומט, — טאָמער איז עס ניט דער פעטער, קום איך שפּעטער אַביסעל. (גייט צו, צו דער טהיר, עפנט, אַ בריעפענטרעגער בעוויזט זיך האַלב אין טהיר און דערלאַנגט איהם אַ בריעף).

שרה-לאה: היימישע קאָנווערטלעך! מיין טאַטענס בריעף איז אויך געלעגען אין אַזאַ קאָנווערט — שמאָלע און לעגנליכע!

ראובן (קוקט אויפ'ן קאָנווערט, האַלט דעם שטעקען אונטער'ן פאַכווע): פון דער היים — און ניט צו מיר; דעם טאַטענס האַנד — צום פעטער! (נעהמט אָן דעם בריעף אָן אַ קאַנט) זאָל איך?

שרה-לאה: וויעסט דען איבערגעבען דעם פעטער אַנ'אָפּגענעם?...

ראובן: און אַז גאָרניט? ער וועט בענקען, דער פעטער, נאָך בריעף!

שרה-לאה: נו... טאָמער איז עס אַ נעהטיגער?...

ראובן: שרה-לאה, מיינסט אפשר —? איך וועט מיך אַז מע בעט דאָ קיין טובות ניט! יענע וואָך האָב איך עפּעס געלד אַוועקגעשיקט... איבערהויפּט נאָך מיינע בריעף, — איך בין זיכער און לאָז דעם בריעף ליעגען! (וואַרפט דעם בריעף אויפ'ן טיש).

שרה-לאה: איך מיין ניט...

ראובן (שטעהט אַ וויילע, גריבעלט מיט'ן שטעקעל, הויבט איהם פלוצלונג אויף און לאָזט איהם שמאַרק אַראָב).

שרה-לאה (ניט ניט-ווילענדיג אַ ציטער פונ'ם קלאַפּ).

ראובן: איך שטעה שוין דאָ אַזוי לאַנג! (וואַרפט זיך צום טהיר)

שרה-לאה (בעמערקט וואָס אויף דער פאָדלאָגע): אַ לאָך אַזש געוואָרען אין ברעט!

ראובן (עפענט די טהיר, מיט איין האַנד שפּילענדיג זיך מיט'ן שטעקעל): מיין שטעקען!

שרה-לאה (רופט איהם ליבלט): ראובן —

ראובן (רוקט צוריק אַריין דעם קאָפּ).

שרה-לאה: דער פעטער דיינער, ווען ער האַלט זיין שטאָק מיט'ן בינעזוער-קאָפּ אין האַנד האָט ער ליעב בייז צו זיין...

ראובן: דאָס איז נאָך ניט דאָס ערגסטע! (אב —)

דאָרע (אונטער דער טיר, פון דרויסען) ראובן! צוריק, צוריק! (שלעפט איהם אַריין פאַר דער האַנד).

ר א ו ב ן (קאַלט) לאָזט שוין אָב . .

ד אָ ר ע (לאָזט אָב זײַן האַנד, אַביסעל אַראָבגעזאָגט) : פֿאַרוואָס קומט איהר גאָר אַהער ניט ? וואַרט, וואַרט, איך וועל שרײַבען — ווי רופֿט מען אײַער שוועסטער ?

ר א ו ב ן : דבורה.

ד אָ ר ע : מײַן יודישער נאָמען ! — איך וועל שרײַבען דבורה'ן פֿון אײַך... (קוקט זיך אום אין צימער) זעהט נאָר ווי זי האָט שוין פֿער־צויגען !

(שרה־לאה האַלט נאָך אין פֿערציהען און פֿערשפּיעלען דאָס מעבעל) .

ר א ו ב ן : אַסך וואָהנען שוין אויף די זומער־וואָהנונגען...

ד אָ ר ע : הײַנט קומען זיי שוין ניט צוריק מיט גאָר ־ נ י ט ! ... איך בלײַב דאָך טאַקי דאָ, איהר ווייסט, ראובן ? — שרה־לאה, דו בלײַבסט מיט מיר ! (ווענדט זיך ווידער צו ראובנ'ן) און איהר וועט דאָ נעכ־טיגען... איהר וועט וועלען דאָ נעכטיגען ? אַ קשיא אויף אַ מעשה, אײַך קען אײַנפֿאַלען נ י ט ו ו ע ל ע ן ... אין גאַנס גריסט איהר מיר ס'מאָל ניט !

ר א ו ב ן (דערפֿיהלט זיך ניט בעקוועם פֿון דעם אמת, קוקט שמײַכעלדיג אויף איהר זומערדיג בלוזקעלע) אַז איהר בײַט אָפּט די קלײַדער מיט די בלוזעס, איז שווער צו דערקאָנען...

ד אָ ר ע : יאָ ! א י ה ר בײַט טאַקי ניט... אין דער זעלבער רויטער בלוזע זענט איהר געקומען צו־פֿאָהרען .

ר א ו ב ן : ניט אין דער זעלבער...

ד אָ ר ע (געהט צו איהם צו, נעהמט אָן דעם קאַנט פֿון דער בלוזע, צו שרה־לאה'ן) : שרה־לאה, אפֿשר ניט אין דער זעלבער רויטער בלוזע ?

ר א ו ב ן : עטליכע זענען זיי בײַ מיר דאָ, נאָר אַלע זענען אײַנ־פֿאַרביג, רויט !

ד אָ ר ע : איך האָב אויך ליעב אַ ר ו י ט ע פֿאַרב !... הערט, ראובן, נאָך זומער, ווען ס'וועלען זיך ענדיגען די לעקציעס פֿון ש פּ י ע ל ע ן, וועל איך מיט אײַך מיטגעהן אויף דער ב י ר ז ש ע... ס'אָר ס איז אינטערסאַנט ?

ר א ו ב ן : אָבער אינטערעסאַנט !

ד אָ ר ע : וועט איהר מיך מיטנעהמען ?

ר א ו ב ן : ווײס איך וואָס !...

ד אָ ר ע (אַביסעל בעלײדיגט) : איהר זענט ניט קײן הײסער שוועס־

טער־קינד ... דער פאפא האט געזאגט אז איהר וועט דא נעכטיגען; איך האב שוין גערעכענט מיט אייך איבערגעהן אויף דו... מיט אסקאר'ן דוצט איהר זיך?

ר א ו ב ן: איך זעה איהם זעלטען ... (דערמאנט זיך) אה, איך קום שפעטער אביסעל, דער פעטער וועט דאך באלד זיין?

ד א ר ע: קומט, אסקאר וועט אויך זיין, ער קומט באלד מיט א ג ר א מ א פ א ן.

ר א ו ב ן: איך דארף סיי ווי סיי דא זיין. (אב)

ד א ר ע (זינגט ארוים): זא־חא־טשו פא־ליוב־ליו! זא־חא־טשו ראז־ליוב־ליו! — ער איז שען, ראובן, אמת, שרה־לאה?

ש ר ה ־ ל א ה: יא.

ד א ר ע (טהוט אוים פון קאפ דאט היטעלע): זא־חא־טשו — האסט אמאל געהערט א גראמאפאן?

ש ר ה ־ ל א ה: געגענאיבער, ביי'ם שכן.

ד א ר ע: אסקאר ברענגט באלד צושלעפען א גרויסען גראמאפאן; איך האב זיך ניט געקאנט דערווארטען אויף איהם: שוין ביי א צוויי שעה ייי ער שטעהט דארט אין אינסטרומענטען־געשעפט און קלויבט פלאטען — זאחאטשו — פאליובליו ...

ש ר ה ־ ל א ה: פון גראמאפאן?

ד א ר ע: אסקאר קלויבט שוין נאך זיין געשמאק ... (קאקעט) פא־ליוב־ליו! ... ביי פ א ל י ו ב ל י ו שאקעלט מען לייכט מיט'ן קאפ אויף י א ... און די האנד מוז ליגען אויף דער ברוסט ... (מיט א שטרענגער מימיק) זאחאטשו — ראזליובליו ... ביי ר א ז ל י ו ב ל י ו מאכט מען אזוי אוועק מיט דער האנד, און די אויגען ערנסטער, אמת איך פערשטעה?

ש ר ה ־ ל א ה: כמעט אזוי ווי איך ... (קורצע פויזע) איך וויל אייך פרעגען, דארע, איך בלייב געוויס מיט אייך?

ד א ר ע: עפעס האט זיך מיט מיר אסקאר געשפארט אז דו פאהרסט מיט אויף דער זומערוואהנונג.

ש ר ה ־ ל א ה (שטעלט זיך אויף א מאל צו פערהענגען דעם וואנדווייגער): דעם זייגער אויך פערהענגען דארע? איך געדענק ניט ווי די מאמע האט מיר אנגעזאגט.

ד א ר ע: פערהענגט! פערהענגט!

ש ר ה ־ ל א ה (פערהענגענדיג): אי, גלוסט זיך מיר ניט צו פאהרען. (דארע) איהר וועט דאך ניט וויסען ווי שפעט ס'איז!...

דאָרע: וועט מען שלאָפֿען אין האַלבען טאָג אַריין! און אויפֿזיין די נעכט, ביז די אויגען וועלען זיך אונז צוזאַמענקלעבען.

שרה-לאה: וואָלט איך וועלען דאָ בלייבען, מיט אייך...
(ענדיגט פֿערהענגען. פּויזע)

דאָרע (געהט צו איהר צו, נעהמט איהר אַרום פֿאַר די קניע און שטעלט איהר אַראָב): איהר בלייבט דאָ, אוודאי בלייבט איהר דאָ!

שרה-לאה (מאַכט זיך צורעכט דאָס ביסעל אויפֿגעהויבענע קלייד): איהר זענט אַ שטאַרקע, דאָרע, שטאַרקער פֿאַר אָסקאַר'ן!

דאָרע (לאַכענדיג): איהר האָט זיך שוין מיט איהם געבאָרעט?

שרה-לאה (קוקט איהר ערנסט אָן).

דאָרע: איך וויים ניט, שרה-לאה, דאָ אין שטוב פֿיהל איך מיך קינדיש, און גאַס, אויף די טראָטואַרען קוקען אויף מיר מאַנספּאַרשיינען אַזוי מאָדנע... וויפֿיעל זענט איהר אַלט?

שרה-לאה (דער ליינוואַנד פֿאַלט איהר אַרויס פֿון די הענד): איין-און-צוואַנציג...

דאָרע: איך זעכצען, זעכצען יאָהר! (שאַרט אַרויף אַנ'אַרבעל און קוקט לאַנג אויפֿ'ן אייגענעם ווייסען אָרעם. פּויזע. אַ קלינגען פֿון גאַס) שימעק'ס קלינגען! (געהט עפֿנען ניט אַראָבלאָזענדיג דעם אַרבעל איבער'ן אָרעם)

שרה-לאה: יעצט געה איך איבערציהען אין זאַל — דאָרע! (פֿיהרט מיט'ן האַנד איבער'ן אָרעם, כדי זי זאָל ניט פֿערגעסען אַראָבשאַרען דעם אַרבעל, און געהט אין זאַל).

דאָרע (שאַרט זיך אויף דעם צווייטען אַרבעל ביז די אַקסעל, עפֿענט ברייט אויף די טהיר — און שרייט אויס): שימעק! — אָח ווערה, ווערה!...
(לויפֿט אָב אַ פּאָר טריט, שאַרט זיך שנעל אַראָב ביידע אַרבעל) יעצט קימט ער, ווען מע פֿערציעהט דאָס מעבעל...

שימעק (אַריינקומענדיג, פֿערשטעלט זיך מיט ביידע הענד די אויגען. פּויזע): דער פּאַפּאַ איז דאָ?

דאָרע (אַביסעל ברוגז): שוין! שוין! (קורצע פּויזע) נישטאָ איהם יעצט.

שימעק (נעהמט אַראָב די הענד און קוקט איהר גוט אָן): יעצט זעה איך די ליכטיגע וועלט!

דאָרע (האַלב פֿאַר-זיך): אָ, ער קוקט אויף מיר ווי אויף דער גאַס...

שימעק (גיעט זיך גלייכגילטיג אַ דרעה אין שטוב).

דאָרע (שאַרט מיט די הענד איבער איהרע בעדעקטע אָרעם): מיר איז גאָרניט איינגעפאַלען אז איהר קומט יעצט!

שימעק: רעבענונגען און פּראַכטען, דאָרע, פּאַרי פּאַפּאַ... (פּויזע, שטילערער) די מאַמאַ איז דאָ?

דאָרע: ניין... איך בין דאָ!

שימעק: איהר? — איהר זענט נאָך אַ שטיפערין.

דאָרע (איראָניש): יאָ?

שימעק: אַ האַלב אַרײַן פּעהלט אײַער קלײַדעל צו דע־פּאָדלאָגע...

דאָרע (בויגט זיך אַראָב אויף די קניע, דאָס קלײַדעל קנײַטשט זיך איהר צו דר'ערד): נו?... יעצט האָט איהר מיך ליעב?

שימעק (חאַפּט זיך פאַר'ן קאָפּ): אֶי, וואָס זי רעדט! — זאָל איך עס דערצעהלען דער מאַמאַ? (קורצע פּויזע, געהט צו איהר צו, הויבט איהר ליַבּט אויף פאַר די אָרעם, און קושט זי אויפ'ן שטערן).

דאָרע (הויבט אויף דעם קאָפּ, בעריהרט מיט די הענד דעם שטערן) אַה —? (צו שימעקן, האַלטענדיג נאָך אַ האַנד אויפ'ן שטערן) וואָס האָט איהר געטהון?

שימעק: איך האָב דאָרט (ווײַזט אויף איהר שטער'ן) אויפגעוועקט דעם ערשטען, צאַרטיגען געדאַנק.

דאָרע: איך שפּיר איהם נאָך ניט —

שימעק (קושט איהר אויף די ליפּען): יעצט?

דאָרע (מרעט אַביסעל צוריק —): זאָל איך עס דערצעהלען דער מאַמאַ?

שימעק (אַביסעל פערווירט): איך האָב געזאָגט: איהר זענט נאָך אַ ניש־דערוואַקסען מײַדעל!

דאָרע (צעלאַכט זיך הויך, וואַרפט זיך אויף איהם): כ'וועל ניט דערצעהלען! כ'וועל ניט דערצעהלען! וואָס האָט איהר עס דאָ אָנגעפּאַקט אין בוזים־טאַש? (טאַפּט'ן אויף דער ברוסט).

שימעק: רעבענונגען, פּראַכטען...

דאָרע (קוקט איהם אַרײַן אין בוזים־טאַש): אַזוי פיעל... (שטעקט דאָרט אַרײַן אַ האַנד): אַ זשורנאַל! אָ, איהר זענט אַ ליגנער!

שימעק (פערהאַלט איהר די האַנד בײַ'ם בוזים־טאַש): צערײַסט איהם ניט! איך האָב איהם ערשט געקראָגען... נײַע, נײַע קאַריקאַטורען.

ד אָ ר עָ: אַהאַ! (רײַסט אַרױס דעם זשורנאַל, אַ סך רעצענזונגען און פּראַבטען פאַלען אַרױס אױף דר'ערד.)

ש ימ עָ ק (בױגט זיך אַראָב אױפצוקלײַבען): אָי, אָי... וואָס האָט איהר געטהון? דער פּאַפּאַ האָט ניט ליעב צעקנײַטשטע רעצענזונגען...

ד אָ ר עָ (לױפט אַביסעל אָב, וויקעלט פונאַנדער דאָס פאָדערבלאַט, קוקט אױף דאָס ערשטע בילד, קאָפּירט עס, מאַכט פון דער האַנד אַ טראָמפּײַט, לײַגט זין צום מױל און בלאָזט) עס ברענט! — עס ברע-ע-ע-נט!

ש ר ה - ל א ה (בעווײַזט זיך דערשראָקען אין זאַל-טהיר);

ד אָ ר עָ (לאַכענדיג צו שרה-לאה'ן): ס' ברענט נישט! (ווײַזט אין זשורנאַל) דאָ, קום אַהער זעה! (זי געהט שנעל צו צו שרה-לאה'ן) עָ ר שטעהט, די קניען ציטערן איהם... (טרײַסעלט מיט די פיס, מאַכט ווידער דעם האַנד-טראָמפּײַט בײַם מױל) ס'ברענט! שימעק, ווער איז די פרױ?

ש ימ עָ ק: פון די פײַער-לעשערינ'ס; מישט אַריבער!

ש ר ה - ל א ה (אָב אין זאַל).

ד אָ ר עָ (מישט אַריבער, קוקט אָן דאָס צווײַטע בילד, צעלאַכט זיך, שטעקט אױס ווײַט דעם האַלז, קושט שנעל אין דער לופט) פּ—פּ—פּ!

ש ימ עָ ק: אונטען איז אױפגעשריבען... מיט גאַנץ קלײַנע אותיות.

ד אָ ר עָ (לעזט אונטען, האַלטענדיג נאָהנט דעם זשורנאַל צום געזיכט): מע לעשט! (צעלאַכט זיך) איהר קענט מאַכען אַזאַ נאַריש פּנים ווי בײַ דעם דעם?

ש ימ עָ ק: ס'ווערט שױן אַזאַ, בּמילא...

ד אָ ר עָ: ס'איז דאָך אַ קאַריקאַטורא! מאַכט נאָר —

ש ימ עָ ק: קומט צו נעהנטער.

ד אָ ר עָ: נײַן, נײַן... מאַכט נאָר!

ש ימ עָ ק (ציעהט אױס דעם האַלז צו דאָרען, פערבױגט די קניע, מאַכט אַניאַלט פערתּאַווה'ט פּנים און קושט די לופט) פּ-פּ-פּ!;

ד אָ ר עָ: גענוג... עס זעהט אױס אַזױ שרעקליך!

ש ימ עָ ק: זעהט מען די קאַריקאַטורא אין לעבען — שרעקט מען זיך פאַר איהר.

ד אָ ר עָ (מישט אַריבער ווײַטער, בלײַבט אַ ווײַלע שטעהן, בעטראַכט עס, געהט נאָכדעם צו, צו שימעקין): וואָס איז דאָ?

ש ימ עָ ק: אַ וואַלד.

ד אָ ר עָ (פערבױגט אָן אַ זײַט קאָקעט דעם קאָפּ, מאַכט אַ פּאָר קרײַגע אױגעלעך): און די?

שׁ ִי מ ע ק: אַ קלוג מ ײ ד ע ל ע וואָס האָט פערבלאָנדזשעט אין וואַלד און וויל פערפיהרען די חיות-רעות, זי שטעהט אונטער אַ בוים —

ד אָ ר ע (אײַנקוקענדיג זיך אין זשורנאַל וועהרענד ער ערקלעהרט): יאָ... יאָ... — מאַכט אַזאַ פּנים!

שׁ ִי מ ע ק: דאָס וועט אײַך צוניִטץ קומען...

ד אָ ר ע (לײַכט דערשראָקען): ניין, ניין... מאַכט עס!

שׁ ִי מ ע ק (פערבויגט קאָקעט אָנ' אַ זײַט דעם קאָפּ, מאַכט אַ זיס פּנים, זיסע אויגעלעך, זעהר קאַריִקאַטוריש).

ד אָ ר ע: געוויס... ס'איז אַזוי מיאוס!

שׁ ִי מ ע ק: מיאוס! מיאוס און נאָך עפּעס... ווי האָט איהר פריִהער געזאָגט? ס'איז שרעקליך!... ש ר ע ק ל י ך אויך!

ד אָ ר ע (ווי קוקען ווידער בײדע אַרײַן אין זשורנאַל, הויבט אויף צוגלײַך מיט איהר קאָפּ אַ האַנד מיט צעשפּרײטע פינגער, מאַכט אַ לײַכט שרעקליך פּנים): און דער?

שׁ ִי מ ע ק: האַלב-בער — האַלב-מענש. ער איז — א ו י פ ג ע ר ע ג ט... ער האָט זי ל י ע ב, און וויל זיך אויף איהר אַ וואָרף טהון —

ד אָ ר ע (רוקט זיך אָב צום וואַנד): ווערט נאָר אַזוי... האַלב-בער —

שׁ ִי מ ע ק: האַלב-מענש?

ד אָ ר ע (פעראינטערעסירט און אביסעל צעשראָקען): יאָ! האַלב-בער האַלב-מענש...

שׁ ִי מ ע ק: בעט מיך נישט... איהר זענט יונג —

ד אָ ר ע: ווערט עס! ווערט עס!

שׁ ִי מ ע ק (ווערט בלאַס, שטײַפעלט דערשראָקען): ווערט א ק ל ו ג מ ײ ד ע ל ע...

ד אָ ר ע (ווײַזט אויף דאָס בילד): אַזוי ווי זי איז דאָ?

שׁ ִי מ ע ק (שאָקעלט צו אַ בלאַסער מיט'ן קאָפּ).

ד אָ ר ע (קוקט אין זשורנאַל און קאַפּירט, שפּיעלעט אָב דאָס אויבערשטע קנעפּעלע פון דער בלוזע, פערשטעקט דו עקען, עס זעהט זיך אביסעל אַרויס דאָס ווײַסע האַרץ-ברעטיל, פערבויגט דעם קאָפּ, און מאַכט אַ זיסע מינע געמישט מיט שרעק).

שׁ ִי מ ע ק (הויבט לאַנגזאַם אויף די הענד, צעשפּרייט די פינגער פון בײדע ווײַטען געזוּכט בערענאַרטיג, מאַכט אַ ברייט געעפענט מויל, די שאַרפע צײן אַרויס. די אויגען, דאָס פּנים דריקען אויס ווילדע הונגער און לײדענשאַפט. ער געהט ווי אויף ל אַ פּ ע ס אויף שפּיץ פינגער. אַלץ נעענטער צו דאָרען).

דאָרע (ווײַל אָנהויבען שרײַען, פֿון שרעק פֿערגעסט זי. און דער קאָפּ בלײַבט איהר דאָך אײַנגעבויגען, דאָס פּנים זיס – ווי געלעהמט).

שימעק (ווײַל זי געהמען מיט די לאַפּעס).

דאָרע (פֿאַלט צו זײַנע פֿיס, שרײַט אויס): שרה־לאה!

שרה־לאה (עפֿענט די טהיר אויף –).

(ווי שרה־לאה בעווײַזט זיך ווערט איבערגעבּיטען מאָמענטאַל שימעק'ס פֿיזיאָגנאָמיע און זי טרעפֿט איהם שטעהן די הענד פֿערבראָכען אויף דער ברוסט).

דאָרע (צעלאַכט זיך לאַנג): חאַ-חאַ-חאַ! חאַ-חאַ-חאַ! פֿערשפּעטיגט! מיט איין מאָמענט פֿריהער —

שימעק: וואָס וואָלט געווען?

דאָרע: וואָלט זי געזעהן אַ האַלב־בער — האַלב־מענש...

שימעק (בעטראַכט שרה־לאה'ן): שרה־לאה איז עלטער פֿאַר אײַך— איהר איז שוין אפֿשר אויסגעקומען צו זעהן —

דאָרע (וואַרפֿט די אויגען אין בײַדע זײַטען): וואו? ווען? — זאָל אָסקאַר ווערען האַלב־בער —

שרה־לאה (אָב אין זאַל).

שימעק (האַקט איבער דאָרען די רעד): אָ, אײַער אָסקאַר ווערט אויך אַ גאַנצער בער... דער וואַלד איז גרויס! גיט מיר דעם זשורנאַל—

דאָרע: נײַן! איך האָב איהם נאָך אין גאַנצען ניט דורכגעזעהן. (נעמט מישען ווײַטער).

שימעק (רופֿט שטרענג): איהר זאָל ניט! (לויפֿט צו און רײַסט אַרויס פֿון איהרע הענד): איהר זײַט יונג, דאָרע!

דאָרע (לייגט די האַנד צום מויל): איהר האָט מיר צעראַצט די האַנד!

שימעק (בעהאַלט דער זשורנאַל צוריק אין בוזים-טאַש): ענטשולדיגט!

דאָרע: וועלכע קאַריקאַטורען געהן דאָרט ווײַטער?

שימעק: טיערער אין לעבען.

דאָרע: וועלכע?

שימעק: עס דערגעהט ביז אַ גאַנצען בער!

דאָרע (בעפֿאַלט איהם ווידער): ווײַזט מיר איהם, שימעק, ווײַזט מיר איהם!

שימעק (וועהרט זיך, רוקט זיך אָב פֿון איהר ווײַטער): אַ חעקט, אַ ווערקט, איך האָב מוראָ.

דאָרע: איהר האָט מוראָ? פֿאַר־וואָס האָט איהר מוראָ?

**שימעק**: איך בין נאָך קיינמאָל ניט געווען אַ גאַנצער בער, אייך קאָן איינפֿאַלען בעטען מיך איך זאָל עס ווערען... איהר זענט נאָך יונג — וועט איהר זיך דען קענען ווערען? איך האָב מורא... (נעהמט אַרויסציהען דעם זשורנאַל).

**דאָרע** (וואַרפֿט מיט די הענד און לויפֿט אָב): ניין, ניין... בעהאַלט עס, איהר מאַכט עס אַזוי ריכטיג נאָך!

**שימעק**: אָ, איך דאַרף עס ביי זיך ניט האַלטען... דאָקטוירי׳ האָבען עס מיר פֿערוועהרט — איהר ווייסט פֿאַרוואָס מע האָט מיך אויסגעשלאָסען פֿון גימנאַזיום?

**דאָרע**: יאָ, איהר האָט עס דערצעהלט.

**שימעק** (דערמאָנט זיך): אַ - אַ!...

**דאָרע**: איהר האָט מיך דעמאָלס גוט דערשראָקען!

**שימעק**: און יעצט?

**דאָרע**: יעצט אויך... איהר זענט אַזאַ מאָדנער, שימעק!

**שימעק**: גאָר נישט, גאָר נישט... איך פֿערשטעה אַ ביסעלע צופֿיעל אַקאַריקאַטורע, בעגרייף איך זי נאָר, מוז איך זי אויסלאַכען... איהר פֿערשטעהט, מיין טייערע, ליעבע דאָרעלע? די לעצטע צייט הויב איך אָן בעגעגענען די קאַריקאַטורען אין לעבען, לעבעדיגע, דער ערשטער איז געוועזען דער פֿראַנצויז, דער לעהרער מיינער,— די ערשטע לעבעדיגע קאַריקאַטור! האָב איך איהם אויסגעלאַכט מיט אַ שנעל... יעצט טרעפֿען זיי זיך מיר עפֿטערער—און כ׳האָב מוראַ געקראָגען קוקען לאַנג אַמענשען אין פּנים...

**דאָרע** (קוקט איהם לאַנג, פֿעריאינטערעסירט אָן, אַ קלינגען פֿון גאַס): די מאַמע! (לויפֿט עפֿנען).

**שימעק** (קלייבט אויס פֿון בוזים-טאַש אַלע געשעפֿטס-פּאַפּיערען און לייגט זיי אויפֿ׳ן טיש).

**דאָרע** (דערזעהענדיג דער מאַמען אין טהיר): נו מאַמעניו, געדונגען?

**רבקה** (אַריינקומענדיג): געדונגען,—אַה, שימעק! (דאָרע׳ן) גאָרניט קיין רעכטע וואָהנונג: צוויי צימער׳ן און אַ קיך, איינער— אַ ווינקעל-צימער, אין גאַנצען אַפֿינסטערער...

**דאָרע**: האָסט אָבער דאָך געדונגען!

**רבקה**: אַ ברירה האָב איך געהאַט! שוין אַ חודש, דאַכט זיך, אַריין אין זומער, — און איהר, שימעק, זענט גאָר דאָ! מיין מאַן איז פֿון באַהן געגאַנגען גלייך אין קאַנטאָר.

שימעק (גייט צו איהר צו, ניעט איהר די האַנד): איך האָב ניט געוואוסט אַז ער איז אָבגעפאָהרען און האָב געבראַכט דעם קאנטאָר אַהער. (ווייזט אויפ'ן טיש).

רבקה: יאָ, ער האָט מיר טאַקי געזאָגט: איהר וועט ניט וויסען וואָס צו טהון מיט די פּראַכטען.

שימעק (נעהמט צוג'אויף די פּאַפּירען): דאַרף מען זיך צואַיילען.

דאָרע (גייט אַרום ליידט אויפגערעגט. שטעלט זיך אַם ענדע אָב ביי'ם פענסטער און קוקט אַ רוים אין גאַס).

רבקה: אין קאַנטאָר וועט איהר איהם שוין ניט טרעפען—איהר וועט זיך ביימען אין וועג. טאָ וואַרט אויף איהם דאָ אויף. (זעצט זיך) פּאַרוואָס זעהט מען אייך ניט, שימעק? יאָ — חאַ-חאַ-חאַ! — ווי איז אייער פאַמיליע? — צוריק-קומענדיג פון זומערוואָהנונג האָט מיך מיין מאַן געפרעגט אייער פאַמיליע... — אַ בוכהאַלטער איז ביי מיר אַ חדש צייט אין געשעפט און איך וויים ניט זיין פאַמיליע! — „שימעק'ס פאַמיליע? פרעג איך און צילאַך זיך, — איך וויים דאָך ניט אייער פאַמיליע!

דאָרע (ביי'ם פענסטער): דער פּאַפּאַ געהט שוין צוריק.

שימעק (העפליך): קראַסנאָפּאָליאַנסקי, מאַדאַם, מיין פאַמיליע איז קראַסנאָפּאָליאַנסקי...

רבקה (פערוואונדערט): ווי?

שימעק: קראַסנאָפּאָליאַנסקי!

רבקה: קראַסנאָפּאָ — (פערהאַלט זיך אַסעקונדע)

שימעק (ענדיגט): ליאַנסקי!

רבקה: מיר וואָלט ניט איינגעפאַלען אַז אויסער שימעק האָט איהר נאָך אַ נאָמען! ווי לאַנג קומט איהר שוין צו אונז אין שטוב?

שימעק (נאָך אַקורצע פויזע): אָפּט גלויבט זיך עס מיר אויך ניט... און ווייסט איהר, ווען מ'זאָל מיך רופען ביי'ם פאַמיליע-נאָמען, קען זיין, אַז איך זאָל זיך פערגעסען אָבצורופען... אויסגעוואַקסען בין איך מיט שימעק, — אין דערהיים און דערנאָך דאָ (זעצט זיך, פערלייגט אַ קניע אויף אַ קניע, שטייפלענדיג) שימעק'ן ווייסען אַלע, ווער און וואָס ער איז, ניט אמת?

(קוקט זיך אום אויף ביידע זייטען)

רבקה: אונזער אָסקאַר מוז אויך פון דעם סוד ניט וויסען, ס'פּאַסט!

שימעק: מיינע חברים —

דאָרע (לויפט צו, עפענט די טהיר נאָך איידער מע קלינגט): זעהסט.

מאמע, ווי איך האב געטראפען: איך האב געעפענט פונקט ווען דער פאפא איז אויף די לעצטע טרעפ!

ב ר ו ך (קומט אריין אין דער אפענער טהיר, גיט א גלעט דער טאלטער אויפ'ן קאפ): ביסט שוין איינ־מאל א טרעפערקע! (בעמערקט שימעקין וועל־כער שטעהט אויף פון שטוהל) אה, איהר ווארט טאקי אויף מיר — דא?! איך האב פערגעסען זאגען אז איך פאהר אב אויף א פאר שעה מיט מיין פרוי... די פראכטען געבראכט?

ש י מ ע ק: נאך אין דער פריה. א האלבע שעה נאך אייער אוועקגאנג.

ב ר ו ך: אי — אי... מ'האט געקענט עטליכע אוועקשיקען מיט דער אין־דער־פריהעדיגער פאסט!

ש י מ ע ק: איך האב ניט געוואוסט וועלכע, איינעם, דאכט זיך, האט איהר געוואלט י קע אויף אינקאסע?

ב ר ו ך (תאפט זיך אן דעם אן): אין אדעס! וויינצמאנ'ען, אויף אינ־קאסע. אויף אינקאסע! די רעכענונגען האט איהר אויך ביי זיך?

ש י מ ע ק: יע.

ב ר ו ך: וועלען מיר באלד נאכזעהן. — (קוקט זיך ארום אין שטוב, צו רבקה'ן): האסט געלאכט פון מיר, אז איך האב זיך ארויסגערעדט מ'זאל היינט נאך אריבערפאהרען מיט הכל־בכל אויף דער זומערוואה־נונג! זעהסט, דא איז שוין אלץ איבערגעצויגען — (עפינט די טיר פון זאל און קוקט אהין אריין) אין זאל איז שוין באלד אויך געענדיגט.

ר ב ק ה (הויבט זיך פויל אויף פון שטול): איך וועל פערזאמען די פאר לעכער אויפ'ן פעלד... (געהט צו און בלייבט שטעהן אין זאל־טהיר).

ב ר ו ך: ווער האט דיך געהייסען אזוי פיעל קלייבען? געוועזן דארט מיט א פאר וואכען צוריק — האט מען געדארפט דינגען!

ר ב ק ה: ווייסט אבער וואס איך וועל דיר זאגען! ס'איז ניטא דארט קיין איין רעכטע וואהנונג, באשר ס'איז נאהנט פון שטאדט בע־פאלט מען זיי ווי די היישעריקען.

ד א ר ע: ווייטער א צוויי סטאציעס זענען דא זעהר שענע ווילעס, געדענקסט, מאמעניו, פאר צוויי יאהרען זומער, אויף צוויי וואכען האסטו מיך געשיקט צו די גאלדמאנ'ס?

ב ר ו ך (מיט פערדרוס): א — אה! היינטיג יאהר פונקט וואלט מיר ניט אויסמאכען אביסעל ווייטער פון דער שטאדט... נאר מילא, ס'איז שוין פערפאלען! דערפאר איבער־א־יאהר — אין א ו י ס ל א נ ד!

רבקה (אין זאַל־טהיר, הזר'ט איבער ווי אין עכּאָ, קוקענדיג אויפֿין מאַן): אויס־לאַנד...

דאָרע (פֿאַלט צו צום פֿאָטער): איבער־אַ יאָהר וועל איך אויך קענען פֿאָהרען!

ברוך (דריקט זי פֿאָטעריש צו זיך): אָ, אודאי וועסטו מיטפֿאָהרען! (צו שימעק'ן) איהר ווייסט, ס'וועט ביי אונז אין גיכען ווערען מעהר אַרבייט. איך שטעל צו נאָך צעהן דאַמפּף־שטיל.

שימעק: מיט גליק!

ברוך: ס'וועט מוזען זיין מיט גליק! אין געשעפֿט דאַרף מען נאָך אַ מענשען — ראשית וויל איך די גרעסערע העלפֿט זומער זיין מיט מיין פֿאַמיליע אויף זומערוואָהנונג, — (צו דאָרע'ן) געווען דאָ ראובן'קע?

דאָרע: יאָ!

ברוך (צו רבקה'ן): מיר פֿאַלט פֿאָרט איין נעהמען צו מיר ראובנ'ן! וואָלסט זעהן ווי ער האָרעוועט ביי'ם עקספּעדיטאָר, אַ פֿרעמדער האָט עם גליק!

דאָרע: טאַקי!... זאָלסט איהם אָנזאָגען, טאַטוניו, ער זאָל קומען שלאָפֿען ווען איהר אַלע וועט אַוועקפֿאָהרען.

ברוך: נאָ־מיר נאָר וויסען ווער פֿאָהרט אַלץ: די מאַמע, איך אָסקאַר, די קריסטין! שרה־לאה פֿאָהרט אויך, רבקה?

דאָרע: שרה־לאה בלייבט דאָך!

רבקה: פֿון מיינעטוועגען — (צו ברוך'ן) איבער אַ יאָהר — ?

ברוך: אין אויסלאַנד!

רבקה (הזר'ט איבער, קוקענדיג אויף ברוך'ן): אין אויסלאַנד... (אָב אין זאַל).

דאָרע (געהט צו און קוקט אין פֿענסטער, קעהרט זיך שנעל אום, אָב אין זאַל): מאַמאַ!

(פּויזע)

ברוך (געהט צו צום טיש): דאָס ליעגט שוין אַלץ? ווערען מיר נאָכזעהן. די אָרדרעס זענען ביי מיר. (נעהמט אַרויס אַ־לענגלעכען ביי־בעל פֿון בוזים־טאַש): קליינערמאַנ'ס רעכענונג — די ערשטע אָרדרע איז זיינע.

שימעק (איינגעבויגען איבער די רעכענונגען, זוכט און ציעהט אַרויס איינעם): קליי־נער־מאַן — זי איז דאָ!

ברוך: זאָגט שימעק — יע!... ווי איז אייער פֿאַמיליע?

שׁימעק (ניִשט אויפֿהויבענדיִג דעם קאָפּ): קראַסנאָפּאָליאַנסקי!...

בּרוך: זאָגט, קראַסנאָפּאָליאַנסקי!

שׁימעק (לעזט אַראָב פֿון רעכענונג): 2 האַלבע שטיִקלעך מעלאַנזש A — 1 רובל 67 ק' פּער אַרשין. 24 אַרשין — 73 — 48. —

בּרוך: (פֿויזע) שטימט; (האַלב-פֿאַר-זיך) מײַן בוכהאַלטער רוף בּײַ דער פֿאַמיליע... ווײַטער!

שׁימעק: 5 שיִלער-טוך 1 רובל 5 ק', 150 אַרשין 157—50.

בּרוך: שטימט! (מיט אַ האַלבע שטימע): אָסקאַר איז בײַ אײַך נעכטען ווידער געווען אין קאַנטאָר... איך האָב איהם געזעהן אַרויסגעהענדיג! לאָזט איהם לויפֿען... ווײַטער!

שׁימעק: 3 מאַרענגאָ II סאָרט 1 רובל 83 ק' — 91 אַרשין, 166 — 53.

בּרוך: שטימט! (האַלב צו זיך) געשעפֿט איז געשעפֿט! — קוקט. איך זאָג אײַך דעם סך-הכּל: 397 ר' 17 ק'. — שטימט?

שׁימעק: ריכטיג.

בּרוך: דעם פּראַכט האָט איהר?

שׁימעק (זוכט איהם אויס): אָט, אָט איז ער!

בּרוך: נאָך מיט אַ הײַנטיגע פּאָסט דאַרף דאָס ווערען אַוועקגעשיקט! (מישט אַריבער די אָרדרע) אָט איז ער זשיטאָמירסקי! (צו שימעק'ן) איהר האָט זיך נאָכגעפֿרעגט אין שטאָדט?

שׁימעק: ווינקלער גיעט איהם, פֿאָלמאַן האָט דאָס יאָהר ניט געמאַכט.

בּרוך: גיעט אַ קוק וויפֿיעל איז זײַן סך-הכּל?

שׁימעק (זוכט אויס זשיטאָמירסקי'ס רעכענונג): 865 ר' —

בּרוך: טע-טע-טע... (נעהמט אָן די באָרד און פֿערקנײַטשט סוחריש דאָס פּנים): וואָס פֿאַר אַ סחורות?

שׁימעק (קוקט איהם גוט אָן): 10 שעוויאָט, 10 פּאָנאָמאַ'ס, 10 קלײַנקרעפּ.

בּרוך: אין די צעהנדליגער אַרײַן...

דאָרע (אַרויסלויפֿענדיג פֿון זאַל צו דער גאַס-טהיר): אָסקאַר שלעפֿט שוין דעם גראַמאָפֿאָן!

בּרוך (נאָך דער אַרויסגעלאָפֿענער דאָרע'ן): שטילער! (שימעק'ן) איהר ווייסט וואָס איך רעד'ן —? אײנעם פֿון די פֿיער-הונדערטער וועקסעלעך שיק איך איהם אָב: דעם פּראַכט שיק איך איהם אויף אינקאַ-

בּע אויף אַ העלפֿט פֿונ'ם סך־הכּל ... זאָגט עס נאָר איבּער נאָך אַמאָל — וויפֿיעל איז עס דאָרטען?

שׁימעק: אַכט הונדערט, פֿינף־און־זעכציג רובּל.

בּרוך: טע־טע־טע ... ווי זאָגט איהר, ס'וועט גוט זיין?

שׁימעק: דאַכט זיך.

בּרוך: אַזוי, הייסט עס, בּלייבּט עס! (פּויזע, קלערט און עפּעס אַרטיין) יע! דרויזען'ס בּאַלען סחורה אויך אוועקגעגאַנגען? שׁיקט איהר אָב דעם פּראַכט גלייך. — דערמאָנט נאָר און בּעגלייטשיין זי זאָל אַריינשׁיקען די וועקסעלעך ... איהר שׁיק איך די סחורה אַלע מאָל אָפֿען.

אָסקאַר (קומט אַריין און אַ ווייסען זומער־מונדיר, נאָך איהם אַ טרעגער מיט אַ גראַמאָפֿאָן, דאָרע האָפּסט נאָך זיי. אָסקאַר צום פֿאָטער): מזל־טוב! דאָרע האָט מיר געזאָגט — געזונגען! (עפֿינט דעם טרעגער די טהיר און זיין צימער) דאָ אַהער, אין דעם צימער אויפ'ן טיש! (קעהרט זיך אום צוריק, קלאַפּט שׁימעק'ן אויף דער פּלייצע) בּיסט דאָ, שׁימעק, קום וועסטו הערען ליעדלעך!

בּרוך (אויסער זיך): גראָבּער יונג! מיר טהוען דאָך עפּעס?!

אָסקאַר (האַפּט זיך קאָמיש פֿאַרין קאָפּ): שאַ־אַ־אַ! (אַריינגעהענדיג צו זיך אין צימער, וואַרפֿט שׁימעק'ן צו אַ פּאָר ווערטער) וועסט ענדיגען — קום אַריין!

בּרוך (געהט צו צום זוהנ'ס צימער, שׁרייט אַריין אין דער אָפֿענע טיר) זאָלסט זיך ניט דערוועגען קומען אין קאַנטאָר, הערסט?! (קומט צוריק צום טיש).

אָסקאַר (בּעוויזט זיך אין טיר): איך דאַרף ניט דיינע קאַנטאָרען! (פֿערמאַכט די טיר).

(פּויזע, דער טרעגער געהט בּאַלד פֿאַרזיכטיג אַרויס).

בּרוך (טאַפּט בּרוגז די רעכענונגען): איהר דאַרפֿט מיט איהם צופֿיעל ניט האַנדלען, ער אַ גימנאַזיסט, אַ הולטאַי ... אַ יערע יאָהרען ווייס איך אַפֿילו ניט ... אַ געשעפֿט פֿאָדערט אָבער זיינע מענשען זאָלען אין איהם זיין אַריינגעטהון.

שׁימעק (מיט אַניאַראָבּגעבּויגטען קאָפּ אויף די פּאַפּיערן, פֿערבּייסט די ליפּען).

רבקה (בּעוויזט זיך אין טהיר פֿון זאַל): בּרוך, אַבּיסעלע שטילער...

בּרוך: וואָר'ן ווער קען עס ניט הערען?

רבקה (געצווּנגען, שוואַך): אי — יך (בּלייבּט אַ ווײַלע שטעהן און געהט אָב צוריק פֿערפּיעסטעט).

ב ר ו ך (קוקט איהר נאָך).

ש י מ עָ ק (לײַבט, הינטער זײַן פּלײיצע): די איבריגע רעכנונגען וועט מען נאָכזעהן?...

ב ר ו ך (ניט אומקעהרענדיג דאָס פּנים, פאַר זיך): איבער אַ יאָהר — אין אױסלאַנד...

ש י מ עָ ק (קוקט איהם משיקאַװע אָן, פּױזע): הערר —

ב ר ו ך (קעהרט זיך שנעל אום): וואָס האָט איהר געפרעגט? ווײַטערדיגע רעכענונגען? (פּױזע) יע... איך וויל צו נעהמען אַ מ ע נ ש ע ן, ווי זאָגט איהר: ראובן, — איהר קענט איהם, ראובנ'ן, ער וועט טויגען?

ש י מ עָ ק: אַ ביסעל אַ הָעזה'ניק.

ב ר ו ך: וואָס רעדט איהר! אָ, אַנ'אײַדעל קינד איז ער דוקא... איהר קענט ניט זײַן ט אַ ט עָ ן — גאָר אַ פײַנער מענש... איך רעכ'ן איהם נעהמען!

ש י מ עָ ק: מיר סימפּאַטיזירען זיך ניט אַזױ... נאָר, איהר וועט ראָך איהם אַזױ גוט זײַן זאָגען: אױסער געשעפט — פון ווײַטען מיט מיר...

ב ר ו ך (לאַכט אונטער'ן גאָרגעל): חע־חע־הע... אַז ניט געגאַנגען אין גימנאַזיום?... חע־חע־חע... (דערמאָנט זיך) ער איז געװען דאָ, ראובן, כ'וועל אַ פרעג טהון עקסטרע. ווען קומט ער, דער פּריץ, נאָך אַ מאָל? (געהט אַרױס אין זאַל).

(פּױזע)

ש י מ עָ ק (וועלכער איז איינגעבױגען איבער די פּאַפּירען, הױבט זיך לאַנגזאַם אױף, קוקט נאָך ברוך'ן, שטאַר און בלאַס, קריעגט ברוך'ס פיזאָנאָמיע: דעם בויך אַרױס, נעהמט אָן מיט דער האַנד די גלאַטע גאָמבע, און מאַכט זיך גלעטען די באָרד, געהט אַרום סוחריש, אַ־לאַ־ברוך). טע־טע־טע!

אָ ס ק אַ ר (עפנט אױף זײַן טהיר, טרעפט שימעק'ן אין פאָטער'ס געשטאַלט, פּױזע): ביסט אַ חזיר, שימעק!

ש י מ עָ ק (דערזעהט איהם, קריעגט מאָמענטאַל זײַן פריהערדיגען אױסזעהן): וואָס האָב איך געטהון?

אָ ס ק אַ ר: ביסט אַ חזיר!

ש י מ עָ ק (גלעט איהם איבער'ן באַק): נו, שאַ־שאַ, אָסקאַר־ליעב... (ערנסט) האָב איך עס גוט נאָכגעמאַכט?

אָ ס ק אַ ר: איך האָב דיך קוים דערקאָנט!

שימעק (שטיל און ערנסט): וועה, וועה... איך האָב ניט געשפּירט ווי איך בין עס געוואָרען...

(אַ געגרויש אונטער דער גאַס-טיר, באַלד נאָכדעם אַ קלינגערײַ)

אָסקאַר: אַהאַ! זײַ זענען דאָ! (עפענט, עס שיטען זיך אַרײַן גימנאַזיסטען און ווײַסע מונדירען, איסאַק, וואָלאָדיאַ, יאַשאַ.)

איסאַק (אָסקאַר'ן): ביסט נאָך אין שטאָדט!

אַלע (אַרײַנקומענדיג. בעפאַלען איהם): שימעק! שימעק!

איסאַק: שימעק! ביסט היע די גאַנצע צײַט? מע זעהט דיך ניט!

שימעק: פון דער היים האָט מען זיך פערפוילט צו שיקען געלד, — אַ פנים מ'האָט מיך פערמַסֶר'ט!

איסאַק: ביסטו, הייסט עס, אָנגעקומען צו זײַן פּאַפּאַ?

שימעק: אום-הו...

יאַשאַ: אַ בוכהאַלטער געוואָרען! קיינעם אין קלאַס איז ניט אײַנגעפאַלען.

וואָלאָדיאַ: קאָוואַלציוק וויל דיך זעהן... ווייסט וואָלקאָוו האָט אויסגעקלערט יענע וואָך! דו האָסט זיך געהאַנגען! будто-бы

שימעק (ערשטוינט): געהאַנגען!

איסאַק: וואָס פאָניען דעם חכם קען אײַנפאַלען: הענגען גאָר! אַז יע אַ מעשה אָנטהון זיך, וועסטו זיך שיסען!

שימעק: גלויבסט עס?!

יאַשאַ: פּטיטש פון זיעבטען האָט דעם לעצטען טאָג פאַר די קאַניקולעס שיעור ניט געהאַט דײַן פּסק, פאַר געניצען און ניעסען — (גיסט) אַפּשצי! און אויסגעצויגען זיך אין אַלע זײַטען; קענסט דאָך פּטיטשען, אַז איהם בעפאַלט אַ להכעיס, ער האָט זיך אָבער אָבגעבעטען!

שימעק (פּערזאינטערעסירט) אָבגעבעטען!

אָסקאַר: ווייס איך, אַלץ נסים פון חדר...

איסאַק: אַפּנים אַז דער חדר איז איהם ניט ליעב געוואָרען... נאָך אַ יאָהר אין זיעבטען, אַ יאָ? לאָזאַנאָוו האָט מיר געזאָגט.

וואָלאָדיאַ: אַ שטיקעל אמת איז דאָ דערינען...

שימעק: איך וואָלט געבליבען?

איסאַק: וועגען דיר, שימעק, איז דאָך שוין אָבגערעדט; אָנ'אָבגעקלאַפּטע הושענא...

שימעק (טרעט צו איהם צו): אַזוי גראָב זאָלסטו זיך ניט אויסדריקען!
איסאַק: וואָסי?
יאַשאַ: ער וועט דיר צעשנעלען די נאָז, שימעק...
(א געלעכטער.)

ברוך (בעוועגט זיך פון זאַל, קיינער בעמערקט איהם ניט, דערזעהט אונצופריעדען צווישען זיי שימעק'ן). קראַסנאָפאָליאַנסקי!
(קיינער רופט זיך ניט אָב, חברה שמועסען ווייטער)

וואָלאָדיאַ: איך האָב היינט געזעהן מאָראָזאָוו'ן, דעם אָב-גאָט פון לאַטיין; קאַניקול-צייט זעהט דער לעהרער מאָדנע אויס; ער טהוט זיך איבער ציוויל און געהט אַרויס אין גאַס, זעהט ער אויס ווי אַן אַלטער לאַטיינישער שפּריכוואָרט...
שימעק (לאַכט מאָדנע, פוג'ם האַרצען): האַ-האַ-האַ!...
ברוך (ניט ריהרענדיג זיך פון אָרט, אין דער טיר): קראַסנאָפאָליאַנסקי!
אַלע (אויסער שימעק'ן, קוקען זיך אום).
איסאַק: ווער רופט מען עס?
ברוך: קראַסנאָפאָליאַנסקי!
שימעק: מאָראָזאָוו — אַ לאַטיינישער שפּריכוואָרט! האַ-האַ-האַ!
ברוך (פון דער טיר): אַ פּנים, איהר הערט ניט, שימעק?!
שימעק (גיט זיך שנעל אַ האַפּ, געהט צו צום ברוך'ן).
(ביידע ריידען שטיל, ברוך בייזליך, שימעק אַראָבגעפאַלען)

איסאַק (מיט וואונדער און געלעכטער): קראַסנאָפאָליאַנסקי!
(אַלע לאַכען).

אָסקאַר: קומט צו מיר וועל איך אייך ווייזען עפּעס נייעס.
וואָלאָדיאַ (פּלאַצט אַרויס): קראַסנאָפאָליאַנסקי! (געלעכטער).
אָסקאַר: קומט!
יאַשאַ (רופט אויס): קראַסנאָפאָליאַנסקי! (געלעכטער).
אָסקאַר: קומט, וועט איהר הערען מיין גראַמאָפאָן!
וואָלאָדיאַ: אַ גראַמאָפאָן?!
איסאַק: קומט, וועלען מיר טאַקי ניט שטערען הערר'ן קאַצמאַן מיט'ן בוכהאַלטער!...
(אַלע אָב צו אָסקאַר'ן אין צימער).

ברוך (אין מיט'ן געשפּרעך): אַהער דאַרף מען איבערהויפּט ניט

קומען רעכענונגען, אָדער מיט אַנדערע געשעפֿטס-אָנגעלעגענהייטען. (פּויזע) אָסקאַר מיט זיינע חברים ... כ'העט! די איבריגע פּאַפּירען נעהמט צו פון טיש, און קאַנטאָר וועלען מיר זיי נאָכזעהן.

שימעק (נעהמט אַלין צונ'אויף און לעגט עס אין בוזים-טאַש).

רבקה (קומט אַריין פון זאַל, הינטער איהר דאָרע): מ'האָט דאָ געלאַכט?

דאָרע: די שילער אַודאַי! (לויפט צו, עפינט אויף די טיר פון אָסקאַר'ס צימער) אַהאַ! (געהט אַריין אַהין און זינגט אויס פערטאַכענדיג די טיר) זאַחאָטשו —

ברוך (פריינדליך צו רבקה'ן): אָסקאַר מיט זיינע חברים!

רבקה: וואָס האָבען זיי עס אַזוי געלאַכט?

שימעק (פערקנעפעלט זיך אויף צו געהן): פון מיין פאַמיליע, מאַדאַם...

רבקה: אַה!...

ברוך: חברה שטיפער! (קוקט אויפ'ן טיש, צו שימעק'ן) וואָס האָט איהר דאָס געלאָזען? (געהט צו נעהנטער צום טיש) אַה, אַ בריעף גאָר! (בעטראַכט דעם קאָנווערט.)

רבקה (צו שימעק'ן): איהר געהט שוין? וואַרט... אָסקאַר האָט אייך געזעהן?

שימעק: יאָ מאַדאַם.

ברוך (איבערלעזענדיג דעם אַדרעס): פון מיין ברודער-יחיה! אַ מאָל אין אַנאָווינע (רייסט אויף דעם בריעף און לייענט איהם פאַר-זיך).

רבקה: וואָס מיינסטו, האָסט איהם שוין לאַנג ניט צוגע-שיקט... (ווענדט זיך צו שימעק'ן) איהר געהט טאַקי! איהר מוזט ביי אונז האָבען אַסך אַרבייט?...

שימעק: נ — נו!

(פּויזע).

רבקה: איך האָב אייך געוואָלט בעטען, קראַסנאָ — (בלייבט אין מיט'ן).

שימעק (ענדיגט העפליך): פּאָליאַנסקי —

רבקה: יאָ!... איהר זאָלט ביי אונז שלאָפען... מאָרגען שיק איך שוין אַוועק די נעטהיגע זאַכען אויף דער זומערוואָהנונג, איהר וועט שלאָפען דאָ, אין אָסקאַר'ס צימער, דאָרע בלייבט אַליין, וועט איהר פרעהליכער זיין מיט אייך... אמת, איהר זייט אַ פרעהליכער — מיט'ן פראַנצויזישען לעהרער טרעפט איהר זיך אַ מאָל?

שימעק: יאָ.

רבקה (מיט אַ שמייכעל): נו?

שימעק (ערנסט און קאַלט): דינאָז זיינער, רעגט מיך נישט מעהר אויף... נאָכ'ן שנעל איז זי פאַר מיר אָבגעשטאָרבען; ווי איך פערשטעה, מאַדאַם, קען מען אַ זאַך נישמעהר ווי איינמאָל אויסלאַבען, שפּעטער שטאַרבט עס פאַר אונז אָב... (קליינע פּויזע) ווידער ווייט איך האָב אויסגעטהון די שילער־קליידער וואַרפען זיך מיר אין די אויגען אַלץ נייעסען (שטילער) מעהר משונה'דיגערע; איך בין קליגער געוואָרען צו אַל־די־שוואַרץ־יאָהר!

רבקה (קוקט'ן אָן): איהר זעהט אויס שלעכט...

שימעק (נעהמט אַרויס פון זועסט אַ קליין שפּיגעלע, קוקט זיך איין אין איהר אַ געווייסע צייט).

ברוך (הויבט אויף דעם קאָפּ פון בריעף): אַנ'איינפאַל ווי איך בין אַ יוד! (דערזעהט שימעק'ן ווי ער קוקט אין שפּיגעל, קוועטשט מיט די פּלייצעס, צו רבקה'ן) אַ פּרי! — ווייסט וואָס דער ברודער שרייבט מיר? מכּח אַ זומערוואָהנונג שרייבט ער!... דער פּריץ זייערער אונ־טער'ן שטעדטיל פאָהרט אַרויס און פערדינגט זיין מייעריל, אַ שטיקעל פּאַלאַץ, מיט אַ וואַלד, אַ טייך, — כּל־הטוב! — אַזוי שרייבט ער מיר (קוקט אַריין אין בריעף און געפינט) — כּל־הטוב! — דעם ברודער'ס אַ ווערטיל. (פּויזע) אַביסעל געדענק איך נאָך — איך בין דאָך עפּעס אַ שטיקעל דאָרטיגער! (שטעלט זיך פאָר מיט די הענד, פאַנטאַסטיש) נאָר ס'געדענקט זיך שוואַך... אַראָב־שטאָרט צו דער טייך צו, נעהמט פון שאָסע ליינקס אַ שמאָלע נאָר אַ געקינצעלטע סטעזשקע, פערפלאָנצט פון ביידע זייטען, טיעפער אין דער סטעזשקע בין איך נאָך קיינמאָל ניט געווען, — אַ געבילערייַ פון הינד פלעגט זיך פון דאָרט שטענדיג הערען, דעם פּריץ'ס הינד... (נאָך אַ ישוב־הדעת) וואָס זאָגסטו, רבקה?

רבקה: צו שפּעט דערמאָנט זיך צו שרייבען...

ברוך: ווייסט וואָס מיר פאַלט איין?

רבקה: נו?

ברוך: איך לאָז דיין האַנדגעלד און מיר פאָהרען אַהין! דער ברודער שרייבט — מסתּמא איז עס אַ שענער אָרט.

רבקה: פון מיינעטוועגען...

ברוך: אַזוי בלייבט עס! איך שרייב שוין אוועק אַ בריעף אַז מיר קומען. אַשאָד וואָס דאַרע פאָהרט נים. (באַמערקט שימעקן חעל.

בער קוקט נאָך אַלץ אין שפּיגעל, קוועטשט מיט די פּלייצעס) אַ מיידעלשע נאַטור ביי איך, קראַסנאָפּאָליאַנסקי !

שימעק (האַפּט אַוועק דאָס שפּיגעלע און לייגט עס אין טאַש) .

ברוך: די קינדער ווייסען נאָך גאָר ניט פון דעם נייעס! איך וועל אַ פּרוב טהון, ס'קען זיין אַז דאָרע וועט זיך לאָזען איבער־ריידען פאָהרען צום פּעטער. (אָב צו אָסקאַר'ן אין צימער).

שימעק: ווי זעה איך אויס, מאַדאַם — ?

רבקה: שלעכט, זעהר שלעכט... (אַ ביסעל גנבה'ש) פון קליינער ווערען?

שימעק: איהר דערקענט מיך אָבער... אייער אָסקאַר האָט מיך ניט דערקאָנט.

רבקה: וואָס רעדט איהר ?

(פּויזע).

שימעק: מאַדאַם קאַצמאַן! (געהט צו איהר שנעל צו, זעצט זיך, וואַרפט אַראָב פון קאָפּ דעם הוט). איך געדענק — אַמאָ־ל... אָדער ביין, ניט לאַנג, דאַכט זיך, — איהר געדענקט — ?

רבקה: וואָס ?

שימעק: אייער מאַן האָט געהאַט אין אַ נאָהענט שטעדטיל אַ באַנקראָט. איז ער אָבגעפּאָהרען, אייערע קינדער זענען ערגיץ, אַוועק. ווינטער איז עס געווען; איהר געדענקט, מאַדאַם קאַצמאַן? — דאָס פענסטער איז געווען אין גאַנצען וויים, דיק בעדעקט מיט שניי, און אין שטוב — אַזוי מאָדנע וואַרם... (פּויזע) ביז שפּעט אין דער נאַכט בין איך דאַמאָלס ביי איך געזעסען —

רבקה: שווייגט. שווייגט, שימעק...

שימעק (ווייטער אין דעם טאָן): עטליכע מאָל האָט איהר אין יענעם אָוונד דערמאָנט: וואו זענען עס אַזוי שפּעט מיינע קינדער? — און נישמעהר... ס'האָט איך ניט געאַהרט וואָס זיי זענען ניטאָ ניט אמת ?

רבקה (שטרענג): שווייגט !

שימעק: אָ, איהר מוזט מיינען אַז איך דערמאָן איך אַנ'אַנדער אָוונד...

רבקה (מיט אַ געבעט): שימעק...

שימעק: איך האָב איך וואָס דערצעהלט... פּונקט אין יענעם אָוונד האָב איך איך עפּעס דערצעהלט — (וויַזט) די פענסטער זענען

געוועזען דיק בעדעקט מיט שניי ... — יאָ, איך האָב אייך דערצעהלט ווי צו צעהן יאָהר האָב איך מיך פֿערליעבט אין אַנ'אַכט-און-צוואַנציג יעהריג מיידעל — און האָב אַזוי געלאַכט דערצעהלענדיג, — און נע-קוקט אויף די פֿערשנייטע שויבען ... און איהר — איהר זענט נעבען מיר געזעסען, אַ פֿיר געטהון מיט דער האַנד איבער מיין קאָפּ און צעוואָרפֿען מיר די האָר ...

רבקה: איהר געדענקט נאָך!

שימעק: איך דערמאָן עס ניט אַלס אייער ערשטען צייכען — ! מיר איז דאַן ניט איינגעפֿאַלען, מאַדאַם, אייער בעט ... אונטער שילער-מונדיר האָט מיר דאָס האַרץ אַזוי קינדיש-וואַרם אַ ציטער געטהון ... איהר האָט זיך געוואונדערט: ס'אַראַ ווייכע האָר!

רבקה: ווי איהר געדענקט!

שימעק (בויגט אין איהר שוים זיין קאָפּ, מיט אַ געבעט): מאַדאַם ...

רבקה (קוקט זיך אום, מיט אַ לייכטען שמייכעל): מ'וועט נאָך אַריין ... מ'קען מיר חושד זיין: מיט'ן בוכהאַלטער! (צעוואַרפֿט איהם די האָר) מיין ליעבער יונגעל!

שימעק (האַלט נאָך דעם קאָפּ געבויגען, קוסט איהר די האַנד) איך ציטער ...

רבקה: ס'אַראַ לאַנגע האָר! ..

שימעק: ניט לענגער ווי דאַמאָלסט; (ציעהט אַראָב אַ הויפֿען האָר איבער'ן פּנים) איהר זעהט: גלייך מיט דער נאָז!

רבקה: לאַכט מען פֿון זיי ניט אין קאַנטאָר?

שימעק (שטעהט אויף, נעהמט דעם הוט אויפֿ'ן קאָפּ): אייער מאַן קען מיר נאָך זיי הייסען אָבשערען?

רבקה (רופֿט איהם צו): שימעק, — מיר זאָמען זיך דאָרט צוויי חדשים, פֿון דאַן איז שוין ניט ווייט צו ווינטער ... איהר האָט ליעב ווינטער! — איך וועל פֿערמאַכען די אויגען און רופֿען אייך: מיין ליעבער יונגעל!

שימעק: יע — ?

רבקה: די פֿענסטער וועלען זיין פֿערשנייטע, — אַלע ווינ-טער פֿאַלען ווייסע שנעען.

שימעק: אום-הו ... (קליינע פּויזע) נאָר ביז ווינטער — וואַ-אַ! (וויל געהן) אַדיע מאַדאַם!

רבקה (שטעהט אויף פֿון שטוהל): וועט איהר קומען אָהער שלאָפֿען?

שׁימעק: אָ, יע!

רבקה (גייט צו איהם צו זייער נאָהענט): מיר וועלען זיין אויף דער זומערוואָהנונג... איהר קומט און שלאָפט דאָ — און (שטילער־ער) משׁפּעט ניט, שימעק, מיין דאָרען...

שׁימעק (באַהאַלט דאָס פּנים אין די הענד): איהר גלויבט... בין איך דען אַזוי אַלט, עס זאָל מיך ציהען צו קינדער?

רבקה: איך ווייס?... עפּעס זענט איהר אַנאַנדערער, — קלינער געוואָרען!... איהר זעהט יעצט זעהר שלעכט אויס...

(שטעהט אויף, לעגט איהם לאַנגענד איהר האַנד אויף זיין פּלייצע) דעם אמת, שימעק, (גאַנץ נייגיעריג) איהר זענט שוין אַמאָל געוועזען —?

שׁימעק: ניין, אַ חוין —

רבקה: שימעק! — אָסקאַר איך ניט?

שׁימעק (איראָניש): איהר ווייסט ניט?

רבקה: ניין... מע קלינגט!

שׁימעק (גייט עפענען —).

ראובן (קומט אריין —, זיי קוקען זיך ביידע שטום אָן —).

שׁימעק (געריסט דער מאַדאַם און גייט אָב).

אָסקאַר (לויפט אַריין פון זיין צימער, נאָך איהם דאָרע): אָט איין איינפאַל! מיר פאָהרען געוויס — אַה, וואָסטע אָנזאָגען צו דיין שוועסטער?

דאָרע (איז זיך שטאַרק מיישב און קנייטשט דעם אראָבגעלאָזענעם שטער'ן):

ברוך (אַרויסגעהענדיג נאָך זיי): איז דאָס אַ הולטאַי! דער פאָטער איז ביי איהם נאַרניט... — ראובקע! הייסט עס, ביסטו געקומען, — אַנו, וואָס'טע אָנזאָגען צום טאַטען?

ראובן: וואָסי?

ברוך: דער טאַטע דיינער שרייבט מיר — שאַ, גוט טאַקי! איך וויל דיך פרעגען וואָס איז דאָס פאַר אַ פּאַלאַצעל אונטער'ן שטאָדט? אַנאמת'ר פּאַלאַצעל? אַ וואַלד דאָ? אַ טייך דאָ? אַ ביסעל געדענקט זיך מיר —

ראובן: יע — (זיין בליק פאַלט אויף אָסקאַר'ן) איך וויל זאָגען — וואָסי, איהר פאָהרט גאָר אַ הין?

דאָרע: פּאַפּאַ —

ברוך (ווענדעט זיך צו זיין טאָכטער —):

(ער רעדט איהר איין, זי שאקעלט מיט'ן קאפ אויף ניין, זיי ריידען שטיל).

אסקאר (ראובנ'ן): נאך א מין פאהרען! מארגען נאך... א יא מאמא? — גרייט אן, ראובן, פאר דיין שוועסטער א בריעף איך וועל איהם איהר איינענהענדיג איבערגעבען... שרייב איהר אז איך בין א וואוילער בחור — אדער, ווי דו ווילסט, איך וועל מיך אליין רעקאמאנדירען! (גיט א האפס און א דרעה די וואנסען),

ברוך (צו רבקה'ן); רעד דו מיט איהר, אנ'עקשן א מיידעל...
(הויבט מיט'ן פינגער ראובנ'ן) ראובן, דיך דארף איך האבען...
(ראובן געהט צו איהם צו, זיי רעדען שטיל)

רבקה (צו אסקאר'ן), עפעס דו ווילסט צו שטארק פאהרען, און דו, דארע, ווילסט צופיעל בלייבען דא.

דארע: איך וואלט גערן געפאהרען מאמעניו, די נאכט האבען זיך מיר געהלומ'ט: פעלדער, בערג, בוימער, בלומען אונטער א פרייען הימעל — און נאך זאכען... איך וויל אבער ניט לאזען אין מיטען, מאמעניו... היינט אויף דער לעקציע איז אריין א פיאניסט, מיין לעהרערינס א בעקאנטער, האט ער געזאגט: די פינגער מיינע, לעגען זיך זעהר ריכטיג און לייכט אויף די קלאווישען...

אסקאר: פאהר טאקי ניט, וואס קלענער דער עולם גרעסער די שמחה!

רבקה: און אז איך מיט'ן פאפא וואלטען דא בלייבען, וואלט פאר דיר, הייסט עס, זיין נאך בעסער?

אסקאר: איהר? אה, ניין... די קליינע, קען מיר נאך נאכלויפען; עס חלומ'ן זיך איהר שוין בערג, פעלדער, דארפס-מיידלעך — וואו עס ציטערט דער זומער-לעב...

דארע: פון דארפס-מיידלעך האט זיך מיר נישט געחלומ'ט — גיעב נאר נישט צו!

אסקאר: א נפקה-מיניה, וועסט מיר אבער נאכלויפען!

רבקה. און איך?

אסקאר (קוקט איהר אן): דו? (זעהט צו, צו דער מאמען וועלכע זיצט ברייט ענטקעגען פובליקום, קניעט אויף איין פוס, קוקענדיג איהר אין געזיכט) אויף דיר גלויבט זיך מיר ניט...

רבקה (מיט'ן א לייכטען שמייכעל): א ודאי, א ודאי... ס'האט געפאסט דו זאלסט מיר חושד זיין! (ווארפט א בליק אויף ברוך'ן העלכער שמועסט מיט ראובנ'ן –) נאר דיינע אויגען, אסקאר — נו-נו...

(קוקט איהם אין די אויגען) אַזוי דאַרפֿען אויסזעהן אויגען? ... אָבער זעה נאָר, זעה: דו האָסט דאָך שוין וואָנסען!

אָסקאַר (לאַכט פֿערשטיקט): העהעהע ...

רבקה: מיר דאַכט זיך אויס אַז איך זעה זיי, דאָס ערשטע מאָל; — אפשר האָסטו זיי גאָר צוגעקלעבט? (ציעהט איהם די וואָנסען):

אָסקאַר: רייס ניט, מאַמעניו ...

רבקה (גלעט איהם די גאָמבע, האַלט אָבער באַלד אַוועק די האַנד). פֿי, אַזוי ווי מיט שפּילקעס און נעגעל האָט עס מיך אַראָץ געטהון.

אָסקאַר: העהעהע! ערשט נעכטען האָב איך מיך ראַזירט ... אַ האַרטע באָרד, מאַמעניו ...

רבקה: ביסט אַ לאָבוס! (רוימט איהם איין אין אויער, גלעטענדיג איהם זיין קאָפּ) היט דיך נאָר, אָסקאַר ... קום דו אויך אַהער, דאָרע, אין איין וועג ... ווייז מיר דיינע אויגען!

דאָרע (קומט ניט ווילענדיג צו):

אָסקאַר: מאַמע! דו האָסט אַ בעהאַרצט וואַרם האַנד צו גלעטען און לאַשצען ...

רבקה: אַיאָ ... איך קען די אַרבייט! ... (צעוואַרפט איהם די האָר-ווי שיסעק'ן. דאָרע'ן) גיעב אַהער די אויגען!

דאָרע (קניעט אויף איין פֿוס, אין איין רייהע מיט אָסקאַר'ן, צום ברודער): רוק זיך!

אָסקאַר (רוקט זיך אַ ביסעל אָב).

דאָרע (הויבט אויף דאָס פּנים צו רבקה'ן): נישטאָ קיין וואָנסען, נישטאָ קיין באָרד — דערקאָן!

רבקה (קוקט זיך איין אין איהרע אויגען): די אויגען, דאָרע, די אויגען! — די ליפּען זענען דיר אויך צו רויט ... (קושט זי אויף די ליפּען און גלעט איהר די גאָלד-האָר).

דאָרע: איך האָב ליעב, מאַמעניו, ווען דו האַלטסט, ווען דו פֿיהרסט מיר מיט דיין האַנד איבער מיינע האָר ...

רבקה: אַזוי זאָגען אַלע, אַזוי זאָגען אַלע ...

(גלעט זיי מיט ביידע הענד, אָסקאַר און דאָרע פּרובירען זיך אויפֿהויבען, זי לאָזט ניט און האַלט זיי אין איין לאַשצען).

ברוך (פֿיהרט ווייטער דעם שמועס): ווען איהם אַזוי זאָגען: דער פֿעטער דאַרף מיך האָבען און שוין! — האָסט מורא, ער וועט

ניט קריגען קיין מענשען? ער וועט קריגען! ער וועט קריגען! דו זיי נאר ניט קיין וצדקה'ה!

ראובן: איך האב נאר געוואלט אבזיין —

ברוך (רייסט איהם איבער די רייד): וואס אבזיין — וועןאבזיין!... ווייסט דאך אז ביי מיר איז דא ארבייט; דו קומסט דאך אריין — זעהסטו! איך לייקען ניט, איך דארף א מענשען — איז ווען דו ווילסט קענסטו ארבייטען... איך פערלאז זיך אויף דיין יושר... געהסט דאך עפעס א בלוזקעלע! ווידער וויל איך ברענגען, גדליה'ן, דעם טאטען דיינעם. א בשורה, אז דו ביסט ביי מיר.. (קורצע פויזע) קום מארגען אין געשעפט! (נעהמט אבגעהן, האפט זיך צוריק) יא... מיט שימעקן — א בעל-גאוה שימעק... — (דערזעהט רבקה'ן מיט די קינדער) ווער עס זעהט ניט די עיפעלעך, ווי זיי זענען צוגעפאלען דער מאמען צום שוים...

אסקאר: } (שפרינגען אויף)
דארע: }

ברוך: און דער בוהאי איך?!

(שרה-לאה שטעקט אויף א הייזלע ארויס דעם קאפ און זאל-טהיר, ראובן געהט לאנגזאם אהין ארויס).

רבקה (בלייבט זיצען מיט א ברייטען לעדיגען שוים, פערווארפט אויף ברוך'ן קלוגע אויגען, קלאפט זיך אויף די קניע) קים, ברוך! אפשר ווילסטו אויך א גלעט?

ברוך (הויבט אונצופריעדען, בעלי-בתיש די פלייצעס) נו...

רבקה: וואס דען!... א פראסטער חי וקים... א גלעט, — וואס האט מען פון א גלעט?!

ברוך (צו פערגלעטען די ווירקונג פון איהרע ווערטער): ער רעכענט דאבט זיך אויס אין בריעף די צימער'ן —: (ציעהט ארויס דעם בריעף, זיבט אויס און לייענט) א זאל, אנ'עסצימער, א שלאפצימער — א ביזלנות אויסרעכנען די הדרים!...

רבקה (אביסעל בייסענד): אהן א שלאפצימער, ברוך, וואלט טאקי געווען ערגער... אין דעם זו־ער־וואהנונג וואס מיר האבען היינט געדונגען און לאזען פערפאלען דעם האנדגעלד איז ניטא קיין שלאפצימער, און דו וואלסט אבקומען דארטען די פאר טעג און וואך...

ב ר ו ך (קוועטשט מיט די פלייצעס) : רבקה ! ...

ר ב ק ה (אויף דאָרען) : זי איז נאָך א ק ע ל ב ע ל ע , און ע ר— פרענט איהם בחרם ... (צו אָסקאר) א יאָ ס'וועט דאָרטען זיין פרעהליך אין פריץ'ס פאַלאַצעל ?

אָ ס ק א ר : אַוודאי ! איך נעהם מיט דעם גראמאָפאָן ; אַה ! אָט ברענג איך איהם גאָר אַהער און שפּיעל עפּעס אויס ! (אָב צו זיך אין צימער) .

ד אָ ר ע (נאָך איהם) : איך בין א ק ע ל ב ע ל ע ... איך לויף שוין אָבער נאָך ! (אָב צו אָסקאר'ן) .

ב ר ו ך (גערט צו צו רבקה'ן , לעגט איהר א האַנד אויפ'ן אקסעל) : דו רעדסט פאר קינדער ...

ר ב ק ה : וואָס האָב איך גערעדט ?

ב ר ו ך : איך וויים וואָס ? ... מע דאַרף ניט פאר קינדער אין די אויגען ... (קושט איהר מיט'ן פולען מויל) .

ר ב ק ה (גיעט זיך קיין ריהר ניט) : א ניט ווייסען זיי ניט אַז די א ל ט ע מאַכען זיך אָפּט נאַריש ? ... (גיעט זיך א קעהר צו איהם אויפ'ן שטוהל) ברוך , מיט וויפיעל ביסטו עס עלטער פאר מיר ?

ב ר ו ך : מיט אַ יאָהר צעהן , עלף ... (גלעט איהר דעם האלז) וווייסט עס ניט ?

ר ב ק ה : הייסט עס , ביסטו שוין אַ יוד פון אַ יאָהר נייןאון־פערציג , פופציג ! (שטופּט איהם אָב פון זיך) , פע , מאוס ...

ב ר ו ך (בלייבט שטעהן אָבגעשטויסען , נעהמט אָן די געלבליך־גראָהלי־בע באָרד , בעקוקט און בעטראַכט איהר) . וואָס מיינסטו ? באַשר מען איז פערהאַיועט — הו־האַ ! איידער ביי מיר איז געבליבען צ־שטעלען צעהן דאַמפּפשטיהל , האָט זיך די פערעלטערטע ברוסט מיינע גע־דאַרפט צעהן מאָהל פריש אויפקאָכען , צעפלאַקער'ן ... דאָס איינציגע גליק מיינע — איז געשעפט ... איך דאַרף נאָר אַריינגעהן אין קאַנטאָר . א שמעק טהון אין פאַבריקעל — שפּיר איך ניט דאָס מיעדקייט אין די גליעדער , פיהל איך ניט דאָס ע ל ט ע ר ... (פויזע , בעטראַכט ווידער די באָרד) אַ שפאַר ביסעל פּאָוויעסטקעס פון בית־דין של מעלה ... ביי דיר , רבקה , ניטאָ קיין גרויע האָר ?

ר ב ק ה (בויגט אראָב דעם קאָפּ) : נאַ , זוך ...

ב ר ו ך (גערט צו , זוכט , שאַרט מיט די פינגער אין שוואַרצען קאָפּ האָר .—)

אָס געשעפט איז ! די לעצטע יאָהרען קום איך עפטערער אין פאַבריק ,

פערגרעסער דאס געשעפט, צוליעב איין זאך — עפעס דאכט זיך מיר, אז איך פערטרייב מיט דעם די מרה־שחורה וואס קומט אן מיט דער עלטער... מיין גאנצען אויפרעגען זיך מיט׳ן מייסטער מיט׳ן בוכפיהרער, אין שטוב — זענען נישמעהר ווי די קאלטע בלוטען צו דערוואַרימען, און געפעלען דער ווייב... (פויזע, זוכט נאך א ווייל) ניטא!

רבקה (אויפהויבענדיג דעם קאפ): איך זיץ און עס ציטערט מיר דאס האַרץ: מאמער דערזעהסטו און שרייסט אוים: א ווייסע האר! איך געדענק ניט ווער ס׳האט מיר דערצעהלט — פון די שילער, דאכט זיך, וועגען איינער א דאמע א בעריהמטע שענהייט וואס האט אין איין פריהמארגען דערזעהן אין שפיעגעל א ווייסע האר אין קאפ און האט זיך געשאסען...

ברוך (אביסעל אדערשראקענער): נו, נו, ... דערצו דארף מען שוין זיין ניט קיין ביסעל משוגע... נאר ווייסט רבקה, עפעס האב איך מורא פאהרען אויף זומער־וואהנונג... צו וויט, צו וויט אביסעל... פון געשעפט.

רבקה: אהא!... די מרה־שחורה וואס קומט אן מיט דער עלטער... — עה, ברוך, ברוך! (שטעהט אויף פון שטול) מיר וועט זיך נעהמען אזוי אונטער די הענד, און וועלען שפאצירען דורך וואַלד און פעלד — (הניפה׳ש) שלעכט?

ברוך: שפאַציערען — ? איך האב שוין שיעור ניט געהאט פערגעסען פון דעם מין פערגעניגען...

רבקה: וועסט מיר מוזען קריכען אויף בוימער און אנריי־סען עפעל! וועסט נאך קענען קריכען אויף אבוים?

ברוך: צו דער עלטער, אפנים, ווילסטו מיך מאכען פאר א שטיפער...

רבקה: איך וועל בענייען מיין טאליע מיט א גארסעט (פיהרט מיט דער האנד איבער איהר טאליע) זעהסט ווי זי האט זיך מיר צעלאזען... בייגאכט — וועל איך דיך בעטען זאלסט מיר איהם אבשנירעווען.. וועסט?

ברוך (שמייכעלט קוים): ס׳האט געפאסט...

רבקה: וואס? האסט מורא די הענד וועלען זיך דיר טרייסלען?

ברוך: פון עלטער אפשר..

רבקה: אַזוי? נו־נו... פֿאַל בײַ זיך ניט אַראָב, — איבער אַ יאָהר, ברוך אין אויסלאַנד!... אַ יאָהר צו יעצטיגער עלטער האָט אַסך צו זאָגען; ער שנײַדט זיך אײַן מיט זײַנע דרײַ־הונדערט, פֿינף־און־זעבציג טעג אין פּנים אַרײַן... נאָר עס שאַדט ניט, ברוך, — לכּבוד אויסלאַנד וועל איך מאַכען אַ גאַרדעראָב. פֿערוויקלען זיך אין העלע זײַדענס... אויך דיך וועל איך יונג מאַכען! איך וואָלט געקויפֿט אַ קעסטעלע פֿאַרב, צו די האָר, פֿאַר אונז בײדע. בשותּפֿות וואָלטען מיר פֿערפֿאַרבט דאָס ווײַסע, בשותּפֿות וואָלטען מיר געהאַט דאָס אײנצע קעסטעלע... אַ שאָד נאָר, ברוך, וואָס מײַנע האָר זענען שוואַרץ און דײַנע געלבליכע... בלאָנדינע, — מיר וועלען מוזען קויפֿען צוויי קעסטעלעך — און פֿאַרבען זיך יונגער, יעדער מיט זײַן פֿאַרב... — (זי זעצט זיך).

אָסקאַר (טראָגט אַרײַן דעם גראַמאָפֿאָן, נאָך איהם דאָרע, איסאַק, וואָלאָדיא, יאַשאַ): הערסט, מאַמע, וואָס דאָרע'ן קען זיך פֿאַרוועלען: איך זאָל איהר דאָ איבערלאָזען דעם גראַמאָפֿאָן, און אַזוי ערנסט! (שטעלט אַוועק דעם גראַמאָפֿאָן אויפֿ'ן טיש).

דאָרע: זאָג איהם, טאַטוניו!

ברוך: וואָס וועסטו איהם טאַקי מיטשלעפּען? לאָז איהם איהר דאָ איבער! (זעצט זיך נעבען רבקה'ן).

אָסקאַר: וואָס נאָך? (שטעלט אָן דעם גראַמאָפֿאָן צום שפּיעלען) ווי קומט מען עס אין אַ קלײן שטעטיל מיט לעדיגע הענד?...

איסאַק: איך שטעל מיך פֿאָר וואָס פֿאַר אַ רושם דאָס וועט מאַכען אינ'ם שטעטיל!

(דער גראַמאָפֿאָן הויבט אָן צו שפּיעלען: „זאַחאָטשו")

יאַשאַ: זײַ וועלען מײנען אַז אַ קלײן מענשעלע זיצט אינעווײניג אין קעסטעלע און האַלט זיך פֿאַר'ן גאָרגעל... (געלעכטער)

ראובן (קומט אַרײַן פֿון זאַל, בלײַבט שטעהן נעבען דער וואַנד. שרה־לאה רוקט אַביסעל אַרוים דעם קאָפּ).

וואָלאָדיאַ: די ווערטער הערען זיך ניט גאַנץ דײַטליך.

דאָרע: באַלד, באַלד — אָט; — זאַחאָטשו — פּאָליובליו! — יעצט הערט איהר שוין?

רבקה (שטויסט לײַכט ברוך'ן אין דער זײַט און וואַרפֿט אַן'אויג אויף דאָרען): זעהסט חאָטש, זעהסט?...

אָסקאַר (האַקט איבּער דאָס ליעדל אין מיט׳ן): גענוג! (ווכט, קוקט איבּער די פּלאַטען) נאָקטורנאָ!

איסאַק: וויַיטער... ניעדער מיט נאַכט־ליעדער!

אָסקאַר (נעהמט אַנ׳אַנדער׳ס) בָּל־נִדְרֵי!

איסאַק: וויַיטער!

אָסקאַר (נעהמט אַדריט׳ס): כַּרְמֶן!

יאַשאַ: וויַיטער!

אָסקאַר (לעזט פון דאָס פּיערטע): אַרבּייטער־מאָטיוו!

איסאַק (וואַרפט קרום אַ קוק אויף ראובנ׳ן): אַ נו, זאָל זיַין אַנ׳אַר־בּייטער־מאָטיוו!

ברוך: וואַרט, איך וועל אַ קוק טהון אין פענסטער... פּאָ־ליציע — (הויבּט זיך שווער אויף און געהט צו צום פענסטער).

אָסקאַר (וואַרפט אַ וואָילעריש׳ן קוקט אויף ראובנ׳ן): ווייס איך וואָס, פּאָליציע!

ברוך: העלד מיינער! ווילסט צוליעב־טהון ראובנ׳ן? (ווייזט אויף די גימנאַזיסטען) זיי זענען דאַכט זיך ניט פּערמישט צווישען יענע... (דער גראַמאָפאָן הויבּט אָן שפּיעלען)

איסאַק (קוקט שטאַרק אויף ראובנ׳ן): געטראָפען, געטראָפען! טאַקי ניט פּערמישט... דעם אַרבּייטער מאָטיוו האָב איך גלאַט ליעב צו הערען (זינגט נאָך דעם גראַמאָפאָן) טאַם־טאַם־טאַם.

וואָלאָדיאַ (האַפּט אויך אונטער וויַיטער): טאַם־טאַם־טאַם —

יאַשאַ (נאָך איהם): טאַם־טאַם.

ברוך (פּערטראַכטערהייד הויבּט אָן נאָכצוברומען דעם מאָטיוו אויף זיין שטייגער): טאַם־טאַם —

ראובן (אָנגעשפּאַרט צום אַ וואַנד, הויבּט אָן דריטלער צו שטייבּ׳לען).

דאָרע (שטעהט נעבען דער מוטער, וועקט איהר פּאַטעלעך, ווייזט איהר אָן אויף ראובנ׳ן): זעהסט ווי ער לאַכט, ער לאַכט פון זיי אַלעמען...

רבקה: אומ־הו... (הויך) איהר באַמקעט נאָר צו, ראובן מוז עס אידאַי קענען מיט די ווערטער!

אָסקאַר (ראובנ׳ן): האָסט עס טאַקי געהערט?

ברוך (הויבּט אויף דעם קאָפּ אויף ראובנ׳ן).

דאָרע: זינגט עס, זינגט עס, ראובן!

ברוך: אַנו, השמיעיני־נאָ... קענסט זינגען?

ר א ו ב ן (חאַפּט זיך אויף פון דער וואַנד, גלײַכגילטיג): ווײַס איך דאָס, פּעטער!...

ב ר ו ך: אויב דו קענסט, טאָ זינג!

ר א ו ב ן (מיט פערשלאָפענונג און פערוואונדערונג): נו?!

א י ס אַ ק (בײַ גראַמאָפאָן צו אָסקאַר'ן): עס פּאַסט איהם ניט, אײַער פּ ר אָ ל ע ט א ר י ע ר...

ו ו אָ ל אָ ד י אַ (הויבט אָן דעקלאַמירען): „מיר זענען די אַרבײַטער-מאַסען, די הענד —"

אָ ס ק אַ ר: דו קענסט אויך די ווערטער?

ר ב ק ה: זינגט איהר עס!

ו ו אָ ל אָ ד י אַ (פערגרייזט זיך): זינגען און איך — זענען צוויי באַזונדערע זאַכען, מאַדאַם... אָה, ווען איך זאָל קענען זינגען!

אָ ס ק אַ ר: אַ זאָרג! (ציהט אַרויס פון טאַש אַ בלײַשטיפט מיט אַ פּאַפּיער) זאָג נאָר די ווערטער, די מעלאָדיע וועל איך אויסלערנען פון גראַמאָפאָן — (שטילערער) אין דער פּראָווינץ וועט עס מיר צונוץ קומען...

ו ו אָ ל אָ ד י אַ (דעקלאַמירט):

„מיר זענען די אַרבײַטער מאַסען, די הענד —
„אין מאַזאָליען, דאָס פּנים אין סאַזע;
„פערבויגטע, געעלטערטע ביינער קערק,
ס'ליגט אויף זיי גאַנץ עולם־הזה. —

אָ ס ק אַ ר (הער'ט לאַנגזאַם איבער, שרײַבענדיג —)
— פערבויגטע, געעלטערטע ביינער קערק,
ס'ליגט אויף זיי גאַנץ עולם־הזה. —

ו ו אָ ל אָ ד י אַ (דעקלאַמירט ווײַטער):

„מיט מוחות'לעך קליינע, פערשטאָפּטע מיט רויך,
„אויגאַלעך — שטילע אָהן פאַרבען;
„צינג וועלכע ריהרען זיך ניט אינ'ם מויל,
„יעדע ברוסט — אַ צעבראָכענער שאַרבען.

אָסקאַר (שרײַבט איבער)

— צוינג וועלכע ריהרען זיך ניט אין'ם מויל —
יעדע ברוסט אַ צעבראָכענער שאַרבען .

װאָלאָדיאַ (דעקלאַמירט װײַטער):

„מיר קומען צו'ם וואַלד — אויף זיך ביינאַכט אין'ם וואַלד —
„דאָרט וואוינט זי, די אַלטעטשקע באַבע;
„זי ווישט אונז דאָרט אַלע ביינאַכט אָב די נעז,
„און זאָגט אונז דאָרט צו עולם־הבא. —

אָסקאַר (שרײַבט איבער)

— זי ווישט אונז דאָרט אַלע ביינאַכט אָב די נעז,
און זאָגט אונז דאָרט צו עולם־הבא .

איסאַק (געניצט, הויבט אויף די הענד): נ־נע!
רבקה: אַ שענער, אַ ריכטיגער אַרבײַטער־מאָטיוו!
ברוך (קוקט אויף איהר, פערטראַכט): אום־הו, טאַקי אַ ריכטיגער...
אָסקאַר: אַ זוינע אמת'ע יוערטער... דער עיקר: די איראָניע!
דאָרע: וואַ, ס'איז אַ איראָניע!
ראובן (שפּײַט אויס אין אַ ווינקעל): טפו זאָלען זיי ווערען!...
שרה־לאה'ס (קאָפּ רוקט זיך צוריק אַרײַן אין זאַל).
ברוך (שטעהט אויף פון שטול): מע דאַרף גאָר צוגעהן אין קאַנטאָר... (אָסקאַר'ן) נעהם טאַקי מיט די מאַכערײַקע! (רבקה'ן) ווי—זאָל ער עס מיט נעהמען?
רבקה (הויבט זיך אויף מיעד און שווער): אין די גרויסע לאַנגווײַליגע טעג — ? אַ קנאַפּע סגולה, ברוך... (אָב אין זאַל, אַפּאַטיש).
ברוך (געהט צו, צום הענגער, נעהמט דאָס שטעקעלע, קוקט לאַנג אויף'ן פינגער־קעפּיל, אָב אין גאַס־טיר).

איסאַק: allons חברה! געהסט מיט, אָסקאַר?
אָסקאַר: יעצט ניט, — איך וויל דורכהערען אַלע פּלאַטען... מאָרגען פאָהרען מיר דאָך!
דאָרע (דורכקוקענדיג די פּלאַטען, רופט אויס, אויפהויבענדיג איינע פלאַטע הויך): שפּיעל דעם ראָמאַנס, אָסקאַר! (ליעזט) „די בלומען־אויגען וועלכע איך האָב געזעהן אין חלום! —“

וואָלאָדיאַ: די ווערטער קען איך אויך. פֿרײַלין דאָרע... איך נעהם נאָר דאָס היטעל — (געהט נאָך זײַנע חברים צו אָסקאַר'ן אין צימער נאָך די היטלען).

דאָרע: איך רוף דער מאַמאַ, וועט זי איך הערען דעם ראָמאַנס.

(עס בלײַבען נאָר איבער אין צימער אָסקאַר און ראובן).

אָסקאַר (שטיל צו ראובנ'ן, וועלכער בעטראַכט שטעהענדיג אין מיט'ן צימער דעם גראַמאָפאָן): מע וועט דאָרט לעבען אַ טאָג!... (פֿרעגט איהם אויפ'ן אויער, אַראָבציהענדיג די אָנגעשטײַפטע הויזען) זי דאַרף זײַן אַ פֿרעהליך מײַדעל, דײַן שוועסטער! (בלײַבט שטעהן אײַנגעבויגען מיט אַנאַריש-זיס-פֿאָרשענד פנים צו ראובנ'ן).

ראובן (הויבט אויף בלאָס מיט פֿערבײַסענע ליפּען אַ קולאַק, האַלט'ן פֿאַר זײַן געזיכט. עס דויערט וואָס —; די גימנאַזיסטען קומען פֿון אָסקאַר'ס צימער מיט די היטלען אין די הענד; דאָרע מיט רבקה'ן ווײַזען זיך אין זאַל-טיר).

# פֿאַרהאַנג.





# די סצענע.

דאָס זעלבע צימער; פֿערהאַנגען אַלץ מיט לײַנוואַנד. אויפֿ'ן טיש אַ שטעה־לאָמפּ. נײַן, האַלב־צעהן אַ זייגער בײַנאַכט.

---

(דאָס צימער איז אַ ווײַלע ליידיג, מען שליסט אויף די טיר פֿון גאַס)

שימעק (קומט אַרײַן פֿאָרזיכטיג, קוקט זיך אַרום אין דער דונקעל־הײַט, רופֿט אויס צו דער קיך־טיר) שרה־לאה? (וואַרט, ווענדט זיך דערנאָך צו אַן'אַנדער טיר) ראובן? — (דערנאָך צום זאַל) דאָרע? אַ דאָרע? קיינער ענטפֿערט איהם ניט, געהט שנעל אַרוים צוריק אין פֿאָרהויז, רופֿט אויף יענער זײַט טיר) קומט! (קומט אַרײַן צוריק נאָך איהם–).

גאַסען־מיידעל (מיט אַזעלטען־בלאַסען, אָהן בעוועגונגען געזיכט. אין אַ לײַבט שרײַענדיג בלוזקעלע און הוט). ער בלײַבט הינטער איהר, פֿערשליסט די טיר און געהט מיט שנעלע טריט, זי נאָך איהם, דורך דאָס גאַנצע צימער, פֿערשווינדען ביידע אין אָסקאַר'ס צימער, וועלכער איז יעצט שימעק'ס).

(פּויזע)

(מע קלינגט פֿון גאַס).

שימעק (רוקט אַרוים פֿון זײַן צימער אַ בלאַסען פּנים; האָרכט –)

(מע קלינגט דאָס צווייטע מאָל, אַביסעל לענגער).

שימעק (געהט צו צום טיר, עפֿינט איהר מיט'ן זײַן שליסעל).

עמיצער (קומט אַרײַן פּראָסט געקליידט): ראובן? — איז ראובן דאָ?

שימעק (קוקט איהם שטאַרק אָן): נײַן.

עמיצער: שרה־לאה — ?

שימעק: נײַן.

עמיצער: עמיץ פֿון זיי מוז באַלד זײַן... מע האָט זיך אָבגערעדט!

**שימעק** (נעמט פון איהם קיין אויג ניט אראָב).

**עמיצער** (מיט השד, נעמט אַרויס אַ קליין ביכעלע): קען מען עס דאָ איבערלאָזען פאַר שרה־לאה'ן? (בעזינט זיך באַלד) נאָר בעסער וועל איך דאָ אַ ביסעל צוװאַרטען... (זעצט זיך אויף אַ שטול).

**שימעק** (ווי פריהער, שטעהט איהם שטום ענטקעגען).

**עמיצער** (דערשפירט זיינע בליקען, שטעהט אויף פון שטול אביסעל דערשראָקען): ווי שפעט קען יעצט זיין?

**שימעק** (צינדט אָן אַ זאַפּעלקע): איהר זעהט! דער זייגער איז פערהאַנגען; אַז די בעלי־בתים פון דער שטוב וועלען צוריק־קומען פון דער זומער־וואָהנונג, וועט מען אַראָבנעהמען דעם לייניוואַנד, וועלען זיך אַ וואָרף טהון אין די אויגען צוויי ווייזער און צוועלף רוימישע ציפער...

**עמיצער** (רוקט זיך שרעקעדיג צו דער טהיר, שימעק געהט איהם לאַנגזאַם ענטקעגען, קוקט איהם אין געזיכט; יענער עפינט הינטערווײלעכס די טהיר און רוקט זיך קונציג אַרויס).

**שימעק** (אַליין בלייבענדיג שטייעלט צו דער פערמאַכטער טהיר. פויזע. דרעהט זיך אום און קוקט אויף דעם ליכטיגען לבנה־פּאַס וואָס פאַלט פון פענסטער איבער דעם גאַנצען ברייט פון צימער אויף דער פּאָדלאָגע, — רופט): מיידעל!

**גאַסען־מיידעל** (עפינט אביסעל אויף די טהיר).

**שימעק** (שליעסט צו די גאַס־טהיר): קומט אַריין אַהער!

**גאַסען־מיידעל** (קומט אַריין אָהן אַבלוזע).

**שימעק**: ביי מיר אין צימער איז שטאַרק פינסטער; די פענסטער געהען אַרויס צום שמאָלען געסיל. (דערזעהט איהר ריקטיג, קוקט אַ וועק) מהוט אָן די בלוזע!

**גאַסען־מיידעל** (קאַלט): איך פערשטעה אייך ניט... (אָב צוריק אין צימער).

(פויזע)

**שימעק** (פערפעלבט די הענד איבער'ן קאָפּ און געהט הין און צוריק אין צימער, פויזע).

## אַ שטערענדעל בלינצעלט אין הימעל —
## אַ מיידעלע בלאָנדזעט אין גאַס; (בלייבט שטעהן בײ'ם פענסטער, און קוקט צום הימעל).

## וואָס ציטערט דער גלאַנציגער שטערען? (וואַרפט איין מאָמענט דעם קאָפּ צום צימער).

פֿאַרוואָס איז דאָס מיידעלע בלאַס? — (קוקט צוריק אַרויס אין פֿענסטער).

גאַסען-מיידעל (קומט אַריין אין בלוזע, ניט פֿערקנעפּעלט, בלייבט שטעהן אונטער שימעק׳ס פּלייצע): יונגער-מאַן?

שימעק (קעהרט זיך שנעל אום, פֿערשטעלט מיט די הענד דאָס פֿענסטער הינטערוויילעכטס) קוקט ניט אַרויס, און זאָגט, וועמעס ליכט פֿאַלט אויף דער פּאָדלאָגע, דער לבנה׳ס אָדער דאָס ליכט פֿון די גאַס-לאָמפּען?

גאַסען-מיידעל: בעצאָהלט מיר...

שימעק (גיעט איהר אַ זילבערנע מטבע).

גאַסען-מיידעל (צוגעהטענדיג): יעצט וועל איך אייך זאָגען: (קוקט גוט אָן דעם פּאַס ליכט, געהט אייניגע מאָל נעבען איהם, דורכגעהטענדיג איהם מיט די אויגען; לאַנגזאַם) דאָס ליכט איז פֿון דער לבנה, איהר זעהט: דער שטרויף ציטערט ניט.

שימעק: און איך האָב געמיינט — (ווייזט אין פֿענסטער) די גאַס-לאָמפּען קוקען עס אַ הער אַריין — די הויכע דאַרע פּאָנאַרען מיט די ליכטיגע קעפּ —.

גאַסען-מיידעל (שמייכעלט ליכט): פֿאַלט פֿון גאַס-לאָמפּ אַ שטראַהל — ציטערט ער. די לבנה׳ס שטראַהלען זענען געשטאַרבענע, זיי ריהרען זיך ניט...

שימעק: איהר האָט עס בעמערקט!

גאַסען-מיידעל: ביז פֿאַר אַ יאָהרען האָב איך ניט געוואוסט צו אונטערשיידען; איך בין אַליין געווען אין אַ הויז; — מיר פּלעגען ערגוואַרטען די געסט אונטען, אין זאַל... (קליינע פּויזע) איך פּלעג דאַמאָלסט זעלטען זעהן ביינאַכט דעם הימעל.

שימעק: ערשט אַ יאָהר אַז איהר זענט אין גאַס —; די אויגען זיצען אייך אַזוי טיעף, — און די ברוסט איינגעפֿאַלען — פֿערקנעפּעלט דאָס בלוזקעלע! די פֿרוי וואָס וואָהנט אין די צימערן איז איבער פֿערציג יאָהר אַלט, און האָט שענערע ברוסטען.

גאַסען-מיידעל (פֿערקנעפּעלט זיך פֿערביסען): פֿרעגט זי אָבער דעם אונטערשיעד פֿון דער לבנה און דעם גאַס-לאָמפּ — וועט זי ניט וויסען... (געהט איבער אין קאַלטען טאָן) אין די לאַנגע ווינטער-

נעבּט, אין די קורצע זומערנעכּט, שפּאַציערענדיג אין לעריגע גאַסען האָב איך עס בעמערקט —

שימעק: וואָס?

גאַסען-מיידעל: דעם אונטערשיעד פון שטראַהלען וואָס ציטערען און פון געשטאָרבענע לבנה-שטראַהלען. (פּויזע) ביי-נאַכּט איז אַזוי שטיל אין די גאַסען...

שימעק: נאָר איהר און די נאַכּטוועכּטער! — שטערען זיי אייך ניט, די נאַכּטוועכּטער?

גאַסען-מיידעל: אָי, זיי זענען צו אונז גוט! — וואוילע מענשען זענען זיי די נאַכּטוועכּטער:

שימעק: וואוילע מענשען — ?

גאַסען-מיידעל: ווינטער, ווען עס ווערט מיר קאַלט אינ'ם זשאַקעטל, זוך איך וועמען פון זיי אויף פּאַר אַ טהויער און נורע זיך איין אין זיין פּעלץ... — איהר זענט אַ מאָרנער מענש! איהר קוקט אויף מיר —

שימעק (גיעהט צו איהר צו לאַנגזאַם פאָרשענד איהר געזיכט—): איך זוך ביי אייך אין פּנים די קאַריקאַטורא; קומט נענטער צום ליכּט — (פיהרט זי צום פענסטער, קוקט טיעף און לאַנג אָן—) זי איז ניטאָ, זי איז ניטאָ, די קאַריקאַטוראָ! (פּויזע). מיט אַנ'אויסבּעגראַפּליכע גרויסע שטילע פרייד) אָט איז עס, דאָס ריינע מענשען-פּנים! דאָס פרייע מענשען-געשטאַלט! (נעהמט איהר טרייַ אַרום) וואהן מיט מיר שטענדיג ריינער מענש! איך בין אַזוי קראַנק... פערשטעל פון מיר דאָס פענסטער, — אָט! (וואַרפט זיך צו די שויבען, וואַקעלט זיך צוריק און פּאַלט ווידער צו) זעהסט אין דרויסען: זי שוועבט די גרויסע וועלט-קאַריקאַטור, זי מאַכט פול די לופט, שניידט זיך אין יעדענ'ס פּנים, קריכט יעדער'ן אין די אויגען, הענגט זיך יעדער'ן אויף דער נאָז, לעגט זיך יעדען אויף די ליפּען, פערוויקעלט זיך אויף הענד און פיס... זעה, זעה — זיי געהען, די מענשען! זיי לאַכען — חאַ-חאַ-חאַ! (קריעגט אַ טרויעריגען געזיכט) זיי טרויער'ן... זעה, יענעם דאָרט, דעם הייבען — ווי ער שפּרייזט, פאַררייסען די נאָז, אויסגעצויגען דעם האַלז, אויסגעדרעהט די וואָנסען... איינס! צוויי! דריי! (שטעלט טריט) הערסט די טריט? ווען אַ שטייגער איך געה צו איהם צו און זאָג איהם: ביסט אַ קאַריקאַטוראָ! אַ בלומרשט-מענש! — גלויבט ער מיר נישט! (קוקט פערצווייפעלט אין

פענסטער) און אַזוי אַלע! אַלע... (שלעפּט איהר דערשראָקען אָב) קום, קום אַוועק פון פענסטער!

גאַסען-מיידעל (פאָרשט איהם מיט די אויגען, פאָרזיכטיג): בע-צאָהלט מיר...

שימעק (נעהמט ארויס נאָך אַזילבערנע מטבע און גיעט איהר. ווענט זיך דערנאָך אויף דער סאָפע ענטקעגען פענסטער) קומט, זעצט זיך דאָ, נעבען מיר!

גאַסען-מיידעל (געהט צו איהם צו נענטער): איהר שלאָגט זיך ניט?

שימעק: איהר האָט מורא?

גאַסען-מיידעל (זעצט זיך נעבען איהם, נעמט אָבשפּילען דאָס בלוזקעלע).

שימעק: מע דאַרף ניט... זעהט איהר, איהר האָט אַ מאָדנע געוואָהנהייט: אויסצוטהון זיך... נעכטען איז דאָ געווען אַיערע אַ חבר'טע, אַזאַ ווי איהר, מיט דעם זעלבען געוואָהנהייט! — אַ ליע-דעל האָט זי מיך אויסגעלערנט.

גאַסען-מיידעל (לעהנט איהר קאָפּ אויף זיין אַקסעל): ס'אַרע?

שימעק:

אַ שטערענדיל בלינצעלט אין גאַס,
אַ מיידעלע בלאָנדזעט אין גאַס;
וואָס ציטערט דער גלאַנציגע שטערן?
פאַרוואָס איז דאָס מיידעלע בלאַס?

(פּויזע).

גאַסען-מיידעל: נו?

שימעק: ווייטער?

(פּויזע).

גאַסען-מיידעל

זיי ביידע, זיי זענען פערליעבטע;
די נאַכט נאָר, די שטילע, זי הערט:

וִוי ס׳שְׁטֶערֶענְדִיל רוּפְט זִי אִין הִימֶעל,
וִוי ס׳מֵיידֶעלֶע רוּפְט אִיהְם אוֹיף דר׳עֶרד.

אַ מָאל. אִין אַ נַאכְט־שָׁעָה, אַ שְׁטִילֶע —
וֶוען ס׳גְלִיהְט אִינ׳ם הַארְצֶען דִי לוּסְט
הָאט ס׳מֵיידֶעל צֶערִיסֶען אִיהְר בְּלוּזֶע
בֶּעווִיזֶען דֶעם הִימֶעל אִיהר בְּרוּסְט.

פֶּערְפְּלַאֶקעְרט הָאט דַאמָאלְס דֶער שְׁטֶערֶען
גֶערִיסֶען פוּן הִימֶעל זִיךְ בַּאלְד;
דָאס מֵיידֶעלֶע חַלֶשׁ׳ט אוּן זֶעהְט נִיט,
וִוי אִיהְר גְלַאנְצִיגֶער שְׁטֶערֶענְדִיל פַאלְט...

(פּ׳יזע)

שׁ ִ מ עֶ ק (קוּקט איהר נײַגיעריג אָן): אײַך איז שוין אַ שטערען גע־פאַלען פון הימעל?

ג אַ ס עֶ ן ־ מ ײַ ד עֶ ל: מיר לײַכטען אַלע שטערען און קײנער וויל ניט אַ ר אָ ב... איך האָב מײַן פ אַ ר ש ו י ן אויף דר׳ערד... עפּעס אַ משוגענער זוכט מיך יעדע נאַכט אויף, גיט מיר עטליכע קאָפּיקעס איך זאָל איהם ווײַזען דאָס בלויסע האַרץ — ער שטעהט פון ווײַטען, קוקט און שמאַצט מיט די ליפּען.

שׁ ִ מ עֶ ק (צעלאַכט זיך): חאַ־חאַ־חאַ! ווי מאַכט ער עס? אַזוי, מ׳צאַ־צאַ־צאַ! (שמאַצט מיט די ליפּען) אַזוי, יאָ? איהר וועט מיר איהם אָנ־ווײַזען? איך וויל איהם זעהן! ווי מאַכט ער עס? מ׳צאַ־צאַ־צאַ!

ג אַ ס עֶ ן ־ מ ײַ ד עֶ ל (בעטראַכט איהם): אַזוי! אַזוי! ער שמאַצט מיט די ליפּען און בעוועגט אַזוי מיט די אַקסלען. (הויבט די אַקסלען און שמאַצט) מ׳צאַ־מ׳צאַ!

שׁ ִ מ עֶ ק (צעראַכט זיך היסטעריש, די הענד פונאַנדערגעוואָרפען, מיט׳ן דרוקען צוגעפאַלען צום ווינקעל פון מאַפּע).

גאַסעןּ-מײדעל (בעפאַלט איהם פלוצלונג, בעזוכט איהם אין די טאשען. נעהמט ארויס דאָס געלד-בײטעלע, פאפּיער'ן).

שימעק (אין דער זעלבער צײט ווי זי בעזוכט איהם הערט ער אויף צו לאַכען, נאָר אַ לײכטער שמײכעל איז פערגליווערט אויף זײן געזיכט, געמישט מיט שרעק און װאונדער. ער לאָזט זי אַ געװיסע צײט בעזוכען, אַם ענדע פאַלט איהם אײן אַ געדאַנק). אונטער'ן טישטוך ליעגט עפּעס געלד!

גאַסען-מײדעל (װאַרפט זיך מיט אימפּעט צום טיש, טאַפּט שנעל דורך װי אין פיבער דאָס טישטוך).

שימעק (לאַכט און שרײט, װײזט מיט דער האַנד): הינטער'ן טיש ליעגט אַ גאָלד-שטיקעל!

גאַסען-מײדעל (װאַרפט זיך אין עקסטאַז אונטער'ן טיש ארונטער שאַרט-שאַרט דאָרט).

שימעק (שטעהט אויף מיט געלעכטער און בײזע-װאונדער פון קאַנאַפּע, װײזט אויף דעם אָרט װאו ער איז געזעסען): דאָ! דאָ גאָר!

גאַסען-מײדעל (װאַרפט זיך אין גרעסטען עקסטאַז אויף דער סאָפע, זוכט און טאַפּט—).

שימעק (װערט שטיל, רוקט זיך אָב אין שרעק צוריק, בעטראַכט זי): אָט איז זי, די קאַריקאַטורא, אָט איז זי! —
(בלײבט שטעהן אַ װײלע, דערהערט עפּעס בײ דער גאַס טיר, לויפט צו איהר צו, הערט זיך אײן, האַפּט דאָס גאַסען-מײדעל פאַר דער האַנד, שלעפּט זי מיט צו זיך אין ציטער): מע געהט, מע געהט אַ הער!

שרה-לאה (שליסט אויף פון דרויסען די גאַס-טיר, קומט אַרײן, קוקט זיך אום): נאָך פינסטער! איז װער דאָ אין שטוב?
(פון שימעקיס צימער הערט זיך אַ שאָרך).

שרה-לאה (געהט צו צום זײן טיר): שימעק, מע קאָן אַרײן?

שימעק (פון זײן צימער): נײן.

שרה-לאה (זוכט בײ זיך אין טאַש): איהר האָט אפשר בײ זיך זאַפּאַלקעס, די לאָמפּ אָנצוצינדען?

שימעק: נײן! אין קיך מוז זײן...

שרה-לאה! איהר האָט זיך מורא צו װײזען! (אָב אין קיך).

שימעק (עפענט שנעל די טיר, פיהרט ארויס דאָס גאַסען-מײדעל, לאָזט זי ארויס דורך דער גאַס-טיר):

שרה-לאה (קומט פון קיך, טרעפט איהם בײ דער גאַס טיר, צינדט אָן אַ זאַפּאַלקע): איהר זענט דאָ געװען אַלײן?

שימעק: טרעפט!

שרה=לאה (אַביסעל פערשוולדיגט): איהר האָט מיך ניט פערשטאַנען... איך בין אַריין פון קיך און בין געווען זיכער אַז איך וועל קיינעם ביי דער טיר נישט טרעפען... — וואָס פאַר אַ העלער פאַס! (שטעלט זיך אויפ'ן פאַס=ליבט, ווערט פון איהם בעלויכטען). מע דאַרף אייך גאָר אָנצינדען די לאָמפּ און געבען אייך עסען! (צינדט אָן אַ זאַפּעלקע).

שימעק: (פאַלט צו איהר צו, נעמט איהר אָן פאַר דער האַנד): טהוט עס ניט!

שרה=לאה: נו?

שימעק: צינדט איהר אָן די לאָמפּ, ווערט פערווישט דער זילבער=שטרויף!

שרה=לאה (קוקט זיך אַמן אויפ'ן פאַס ליכט): טאַקי אַ שאָד!... (וואַרפט איהם צו די זאַפּעלקעס) טהוט ווי איהר ווילט! איך מאַך אייך וואָס צו עסען. (וויל געהן אין קיך, קערט זיך באַלד אום) יאָ, איך האָב פערגעסען! ס'איז דאָ ווער געוועזען און האָט געפרעגט אויף מיר, אַ יאָ? איהר האָט איהם גוט איבערגעשראָקען — חי=חי=חי!

שימעק: ער האָט זיך ניט געלאָזט בעטראַכטען... אַ נייער מענש — (ערנסט) אין דער דונקעל האָב איך איהם געמוזט צו שטאַרקוקען, דעם נייען מענשען!

שרה=לאה (לאַכט): חי=חי=חי: ער האָט בשום=אופן ניט געוואָלט מיטגעהן מיט מיר, אַ העך!... וואָס וועט איהר עסען?

שימעק (פערטראַכט, לאַנגזאַם): איך וועל עסען... איך וועל עסען — אָדער: ניין! איך וועל נאָך פריהער זיין אין גאַס!

שרה=לאה: קוים אויסגעטראַכט! (מע קלינגט שטאַרק פון גאַס) זי איז שוין דאָ! (זי עפינט גלייך די טיר).

דאָרע (פליהט אַריין מיט נאָטען): גוט=נאָווענד! ווער איז אַלין דאָ? (קוקט זיך גוט אַין אין דער דונקעל) שרה=לאה, — שימעק, — גוט צו וויסען!

שרה=לאה: וואָס?

דאָרע: פאַרוואָס איז דאָ פינסטער? איך זעה ניט וואו די נאָטען צו לייגען — (געהט צו, צו שימעק'ן, וויל איהם לייגען דאָס לאַנגע בוך אויפ'ן קאָפּ). ס'איז, דאַכט זיך, אַ טיש —

שימעק (רוקט זיך פון איהר הינטערוויילעכטס אָב).

דאָרע: אָי, אָי, דער טיש רוקט זיך מיר פון אונטער דער האַנד אַרויס — אַ לאָמפּ! אַ לאָמפּ!

שרה-לאה (צינדט אָן די לאָמפּ): איהר בלייבּט דאָ דעם אָווענד, דאָרע?

דאָרע: זאָלט איהר טאַקי וויסען אַז ניין! איך געה היינט אויף דעמאָן — (זינגט צו שימעק'ן) Ахъ, демонъ, демонъ, уходи! — מיין לעהערין וועט דאָרט אויך זיין, און, פערשטעהט זיך, איהר בעקאַנטער פּיאַניסט וועט איהר זיצען ביי דער זייט, און ביידע וועלען פערקנייטשען די פּנים'ער נאָך יעדען פאַלשען טאָן פון אָרקעסטער, זיך איינרוימען האַלבּע ווערטער און קושען זיך די אויער'ן-לעפּלעך... — איך קום שפּעט — ווער וועט מיר עפנען די טהיר?

שרה-לאה: איך (די לאָמפּ פערלייבט). אָט איז שוין ליכטיג! (צו שימעק'ן מיט בעדויערונג) דער לבנה-שטריף איז טאַקי פערווישט געוואָרען!...

דאָרע: איהר קענט נאָך ווידער אַלע אַרויסלויפען פון די בעטען און זיך צוזאַמענטרעפען ביי דער טהיר.

שימעק }
שרה-לאה } (לאַכען לייכט).

דאָרע: איך האָב מיך אָבער צערעדט-עסען, שרה-לאה! ס'איז שוין באַלד צעהן, דעם ערשטען אַקט האָב איך פערשפּעטיגט!

שימעק (זינגט מיט אַ טיעפען באַריטאָן דעם אָנהויב פון ערשטען אַקט)
Печальный, демонъ, духъ изгнанья —

דאָרע (שימעק'ן): דאָס האָב איך שוין פערשפּעטיגט:...

שרה-לאה: איך מאַך אייך שוין אַ קאָטלעט.

דאָרע: ניין, ניין, וואָס רעדט איהר! גיט וואָס עס איז, וואָס עס איז! קומענדיג וועל איך ערשט עסען פליישׁ.

שרה-לאה: אַ פּאָר זעמעלעך מיט פּוטער? (אָב אין קיך. (פּויזע)

דאָרע: עס זענען אייך אָנגעקומען פרישע זשורנאַלען?

שימעק (שטיל מיט אַ בעהאַלטענע שרעק): יאָ...

דאָרע: איך האָב באַלד פערשטאַנען! אונטער די אויגען איז אייך אַזוי שוואַרץ —

שימעק: שוואַרצער ווי אַלע מאָל?

דאָרע: אין זיי גלאַנצען אַזוי — (ערנסט און אַביסעל דערשראָקען) שימעק, איהר זאָלט מיר ביינאַכט די טהיר ניט עפענען!

שימעק: וואָס רעדט איהר, דאָרע? (הויך, פֿערוואונדערט ווייל צו איהר צוגעהן): דאָרע! דאָרע!

דאָרע (מאַכט זיך קוראַזש): איך לאַך עס! (קוקט זיך פֿונדעסטוועגען צושראָקען אום). וואו איז זי, שרה־לאה?... איך לאַך עס — אָט פֿאַל איך איצט אויפ'ן האַרצען! (שפרייזט אוים די הענד, מאַכט זיך פֿאַלען).

שימעק (רוקט זיך אָב הינטערווײַלעכטס): ריהרט מיך ניט אָן — איהר זענט עס אויך — ווי אַלע! איך וועל שרײַען גוואַלד! גוואַלד! נישט ריהרט מיך אָן — (פֿאַלט אויף דער סאָפֿע רעכטס פֿון פּובליקום, בלײַבט זיצען מיעד).

דאָרע (פֿערווירט): וואָס איז מיט אײַך? (געהט צו איהם נעהנטער צו) שימעק... שימעק...

שימעק: וואָס זאָל איך טהון? (שטעהט אויף, רעדט אײַלענדיג, פֿערצווייפֿעלט). איך זעה זיי שוין אומעדום, וואו איך קעהר מיך אום ווענד מיך, זעה איך זיי, די חוזק־בעשעפֿענישען, זיי וואַרפֿען זיך מיר אין די אויגען אויף יעדען טריט, לעבעדיגע צאַפּעלדיגע — וואָס טהוט מען, וואָס טהוט מען! (דער קאָפּ פֿאַלט איהם אַביסעל אַראָב — דורך אַ שווערען געדאַנק).

דאָרע: שימעק...

שימעק (לאָזט איהר ניט ריידען): ווען איך זאָל מיך די אויגען אוים־שטעכען, וועט מײַן געדאַנק וואָס ציעהט זיך פֿון מײַן געהירען אין דער וועלט אַרײַן — איהר דערפֿיהלען... ער וועט איהר דערפֿיהלען!

דאָרע: ווען?

שימעק: די קאַריקאַטור... די וועלט־קאַריקאַטור! זי איז מיר אַרײַן דורכ'ן האַרצען און אַרויס פֿונ'ם מוח און האָט דורכגעבּרענט בּיידען... — יעצט פֿיהל איך זי אומעדום, איך טאַפּ זי אָן אין דער לופֿט... אַנו — (ער דרעהט זיך אוים צו דאָרען מיט דער פּלייצע, דאָס פּנים צום וואַנד). פּרובירט רעדט צו מיר, די אויגען האַלט איך פֿערמאַכט!

דאָרע (האַפּט די הענד צום געזיכט): וואָס פֿאַלט אײַך אײַן?

שימעק (געצעהלטע ווערטער צום וואַנד): איהר האַלט די הענד אויפ'ן פּנים און גלאָצט מיט די אויגען!

דאָרע (די הענד פֿאַלען איהר אַראָב און פֿערפֿלעכטען זיך פֿון שרעק אויף די ברוסט, ציעהט אוים פֿערוואונדערט דעם האַלז). וואָס רעדט איהר?!

שימעק (צום וואַנד ווי פריהער): איהר האָט פערפלאָכטען די הענד איף די ברוסט און אויסגעצויגען דעם האַלז!

דאָרע (קוקט מיט שרעק אין ביידע זייטען): אַ ליגען! אַ ליגען!

שימעק (ווי פריהער): איהר וואַרפט פון שרעק דעם קאָפּ צו אַלע זייטען...

שרה-לאה (קומט פון קיך מיט אַ טיש זעמעלעך און אַ טעציל פוטער): פרישע זעמעלעך מיט פוטער!

שימעק (דרעהט זיך פּאַמעלעך אוים צו זיי מיט'ן פּנים).

דאָרע (צעלאַכט זיך הויך): חאַ-חאַ-חאַ! ער איז מיט מיר פלוצלונג ברוגז געוואָרען.

שרה-לאה: מוז זיין פאַר עפּעס...

דאָרע (געהט צו צום טיש): ער האָט אָבער ניט אויסגעפיהרט! איך האָב געהערט צו זיין פליִיצע —

שימעק: געענטפערט האָב איך דער וואַנד...

דאָרע (נעהמט אַ זעמעל, שמירט ביסעלעכווייז און עסט): שמירט מיר אָן, שימעק, די איבריגע! (צו שרה-לאה'ן) אַ גלאָז טהע איז דאָ?

שרה-לאה: קאַווע! (אָב אין קיך).

שימעק (שניידט אויף אַ זעמיל און הויבט אָן בעשמירען מיט פוטער): ווי האָט איהר ליעב דיק געשמירט אָדער דין?

דאָרע: דיק! (ברעכט אָב אַ שטיקעל זעמיל, גראָבט עס איין אין טעציל פוטער און עסט): איהר זעהט ווי איך עס? — דאָס איינע וועל איך פּטר'ן דאָ, צוויי פון די, וואָס איהר שמירט אָן נעהם איך מיט אין טהעאַטער — — ווען דעטאָן וועט ערשיינען צו טאַמאַרען אין מאָנאַסטיר און ס'טהעאַטער וועט זיין פינסטער, דאַמאָלס וועל איך מיך איינ-נורען אין לאָזשע און קייען די זעמעל איינם נאָך דאָס אַנדערע.

שימעק (קוקט איהר פעראינטערעסירט שטייבלענדיג אָן): איהר זענט זעהר ענהליך צו אייער מאַמען, — ווען איהר האָט נאָך שוואַרצע האָר...

דאָרע (חאַפּט אַריבער איבער'ן אַקסעל אַ בלאָנדען צאָפּ): מיאוס'ע האָר?

שימעק (נעהמט דעם צאָפּ און וועגט איהם אין זיין האַנד): שוואַרצע... בלאָנדע... שענע האָר! דאָס איינציגע ביי דעם מענשען וואָס בעוועגט זיך ניט... (הויבט דעם צאָפּ נאָהענט צו זיין געזיכט): זאָל איך?

דאָרע: אַ קוש טהון?

שימעק (לאָזט אַרויס איהר צאָפּ פון זיין האַנד): ניין... (שמירט ווײַ

מער די זעמעל, קלײנע פױזע). אַ שרעק נעהמט מיך דורך — ! מיר דאַכט זיך אַז נאָר פֿלײש איז מיר מיט די יאָהרען צו געוואַקסען... דאָס פֿיהלען, די געדאַנקען וואָס פֿערבליצען מיר הײַנט אין קאָפּ, זענען די זעלבע וואָס אַמאָל אין די קינדער־יאָהרען... (קורצע פױזע) זיצענדיג אַמאָל אין פֿענסטער — איך בין דאַן אַלט געווען אַכט יאָהר, — איז פֿאַר אונזער הויז פֿערבײַגעגאַנגען אַ קלײן יונג מײדעלע, אין מײַנע יאָהרען, מיט אַזאַ מאָדנעם אױסזעהן, וועלכער פֿערגעסט זיך מיר ניט, וועלכער וויל זיך ניט פֿערגעסען... — דאָס אײנע מאָל איז זי דורכגעגאַנגען — און מעהר האָב איך זי ניט געזעהן! — דאָס ערשטע מאָל האָט זיך מיר מײַן האַרץ צוזאַמענגעדריקט אין זיסע שמערצען, און דערפֿיהלט דאָס מאָדנע, אומבעגרײַפֿליכע בענקעניש וואָס ציעהט אַוועק אַ לײַבּטע קינדער־נשמה אַזוי ווײַט, אַזוי ווײַט... — איהר זעהט וויפֿיעל זעמעל איך האָב אײַך שױן אָנגעשמירט! (נעמט ווידער שמירען).

דאָרע (האַלט איהם אָב): אױ, אױ, גענוג, גענוג שױן! (לײגט צוויי זעמעל אין קלײנעם טעטעל) צו אַכט יאָהר! צו אַכט יאָהר! איך אין די יאָהרען האָב פֿון אזעלכע זאַכען ניט געוואוסט... (אַ ביסעל פֿערשעמט) איך פֿלעג נאָר ליעב האָבען צו שלאָפֿען מיט דער מאַמען... דעם טאַטענ'ס באָרד פֿלעגט מיך קיצלען און ניט לאָזען שלאָפֿען! איך פֿלעג מיך דעריבער אײַנ־נורען בײַ זײַן גלאַט בײנעריגער ברוסט און ציטערן — (ציטערט לײַכט).

(פױזע).

שימעק (פֿערציטערט אױך לײַכט): אַ שױדער נעהמט מיך דורך — איך בין נאָכגעלאָפֿען דעם מײדעל און געוואָלט ארומוויקלען פֿײַן האַלז מיט איהרע צעפּ וואָס העַנגען איהר נאָך, און ווערגען זיך... אײן זאַך האָט מיך אָבגעשראָקען: עס וועט מיר אַ לאַנגע צונג אַרױס פֿונ'ם מױל, אַ לאַנגע רױטע צונג — (געהט צו נאָהענט צו דאָרען) אײַערע האָר געפֿעלען מיר, בלאָנדע... שווערע — (וויל זײ אָנגרײַפֿען).

דאָרע (שאָקעלט מיט איהר קאָפּ): מע דאַרף ניט!

שרה־לאה (קומט אַרײַן: שטעלט אַ טעפּעלע קאַווע אױפֿ'ן טיש).

דאָרע: צוקער אַרײַנגעלײגט?

שרה־לאה: שױן אױסגעמישט אױך.

דאָרע (מישט און טרינקט, צו שימעק'ן): איהר וועט מיך צופֿיהרען צום טהעאַטער?

(אַ קלינגען פֿון גאַס) .

שרה-לאה: מע קלינגט! (געהט עפֿנען) .

(עס קומען אַרײַן: איזאַק, וואָלאָדיאַ, יאַשאַ) .

וואָלאָדיאַ:
יאַשאַ: } גוט נ'אָווענד! גוט נ'אָווענד!

איזאַק (געהט צו צו שימעק'ן, גיט אים די האַנד אָהן ווערטער) .

דאָרע: ברוך-הבא! קום אַ מאָל!

וואָלאָדיא (דאָרען): איהר שטעהט אויפֿ'ן וועג: איהר טרינקט אין היטעלע און שטעהענדיג!

איזאַק: טאַקי, שוין לאַנג אין דער שטוב ניט געווען...

יאַשאַ (לאָזט איהר ניט טרינקען, טרעסעלט איהר בײַ'ם אַרבעל): פֿאַ-טעלעך, ברױהט זיך ניט!

דאָרע (יאַשא'ן): וועמען זוכט איהר, רבי קרוב? זינט אָסקאַר איז אויף דער זומערוואָהנונג בעווײַזט מען זיך גאָרניט!

וואָלאָדיא (דרעהט זיך אַרום אין שטוב, בעטראַכט די ענדערונגען).

שימעק (דערמאָנט זיך): זיצט חברה! (אויף וואָלאָדיאַ'ן) וואָס שפּרײַזט ער, יענער דאָרט, איבער'ן שטוב!

דאָרע (מאַכט אַ פּויסט איזאַק'ן): וואַרט, וואַרט...

איזאַק (דאָרען): אַז איהר זענט געבליבען איז אונז אַרויס פֿון קאָפּ! (וואַרפֿט אַ בליק אויף שימעק'ן) מיר וואָלט'ן אַרײַנגעקומען צו שימעק'ן, פֿרעמדט ער זיך אָבער... מיט מיר, ווײס איך, בעגריסט ער זיך ניט —

יאַשאַ: מיט מיר אויך ניט.

שימעק: זעהט איהר חברים, איך בין, לאַ-עליכם, קורצזיכטיג געוואָרען און דערזעה ניט... איך רעדען טאַקי אַרײַנגעהן צו אַנ'אויגען דאָקטאָר און פֿרעגען: וועלכע ברילען דאַרף איך קויפֿען, איך זאָל דערזעהן מענשען? —

(מע לאַכט לײַכט).

שרה-לאה (געהט צו צו דאָרען): איך געה אויף אַ קורצע צײַט אַרויס, ביז איהר וועט קומען פֿון טהעאַטער וועל איך שוין זײַן צוריק און פֿערפֿאַרטיגען דאָס נאַכטעסען. (נעהמט אַ לײַכט טיכעל אויף די פּלײצעס).

דאָרע: איך קום האַלב-צוועלף! שפּעטער, האָב איך שוין מורא אַ היים געהן...

שימעק (אײַלט צו שרה-לאה'ן, בײַ דער טהיר): איך האָב אַ בריעף פֿאַר ראובנ'ן.

שרה־לאה: גוט. איך וועל איהם זאָגען. (אָב אין גאַס).

וואָלאָדיאַ: ווי דאָ זעהט יעצט אויס! (עפֿענט אָסקאַרס צימער) מע שלאָפֿט דאָ... ניט קיין פֿערבעטע בעט —, ווער שלאָפֿט אין אָסקאַר'ס צימער?

שימעק: איך.

יאַשאַ (ווייזט אויף דער זאַל טהיר): דאָרט מוז זיין קדשי־קדשים... (קוקט אויף דאָרע'ן) דאָרט רוהט די יונגע, ריינע נשמה... און וואו שלאָפֿט דער פּראָלעטאריער אייערער, ווי הייסט ער, ראובן דאַכט זיך?

וואָלאָדיאַ: דאָ, אויף דער קאַנאַפּע אַודאי! פֿון זייט דאַן ווי ער האָט מיך געוואָלט דערשטיקען שרעק איך מיך פֿאַר איהם און כמייד איהם אויס; איך האָב אָבער גליק צו איהם! יעדען פֿאַרנאַכט טרעף איך איהם אין גאַס, צווישען — איהר קענט דאָך די נפֿשות מיט די פֿערשימעלטע קאַפּעליושען, מיט די האָר, מיט די אויגען, מיט די פּאָליטישע־עקאָנאָמיע!... זעה איך איהם לויף איך אַריבער אויף דער אַנדערער זייט גאַס; מיר דאַכט זיך — אָט פֿאַלט ער אַרויף אויף מיר און נעמט שטיקען —

איסאַק. איך טרעף איהע אויך אָפֿט; ער מוז ביי זיי, ביי די פּראָלעטאַריער, זיין אַ גאַנצער כּל־וָכל —

יאַשאַ (האַקט אַריין): פֿלאָקען־שיסער!

איסאַק: איז, דאַכט זיך, מיט דיר אין געשעפֿט?

שימעק: אום־הו.

איסאַק: נו?

שימעק (הויבט זיך אויף, ווי איינער וואָס חאַפּט זיך אויף): זעהר גוט! זעהר גוט!

דאָרע: איך שטעה, און הער, און שוויינ — ווייל ער איז מיר אַ שוועסטערקינד, און ווייל איך האָב איהם ליעב... הערט נאָר, אָבער, בורזשועס, ווער פֿיהרט מיך אָב אין טהעאַטער?

וואָלאָדיאַ | (איינצימיג): איך!
יאַשאַ |

דאָרע (שטעלט אָן דעם אָרעם וואָלאָדיאַ'ן וועלכער שטעהט נענטער צו איהר): איהר!

שימעק: ער וועט אייך קנייפּען פֿאַר'ן אָרעם...

(אַלע לאַכען לייכט).

יאַשאַ (שטופּט אָב וואָלאָדיאַ'ן, פֿערנייגט זיך פֿאַר איהם): געוויס, געוויס!

דאָרע (מאַכט אָפען בײדע אױגען): קריעגט אײך ניט, פּירט מיך בײדע אָב! (װי נעהמען איהר אונטער די הענד).

שימעק: זײ װעלען אײך בײדע קנײפּען.

דאָרע (אױסגעהענדיג געאַרעמט מיט בײדע גימנאַזיסטען): זײ װעלען מורא האָבען! (אָב).

שימעק (לעהנט דעם קאָפּ אױף'ן טיש).

איסאַק (קוקט נאָך דאָרען מיט איהרע בעגלײטער): אַ װאױל מײדעל... צװישען דער מאַמען מיט'ן ברודער האָט מען איהר גאָרניט בעמערקט, זענען זײ אַ װעקגעפּאָרען איז זי אױסגעװאַקסען אַזױ גרױס און שען און דיק...

שימעק (הױבט אױף דעם קאָפּ העכער, שפּאַרט איהם אָן אױף אַ האַנד).

איסאַק (בעמערקט שימעק'ס בעװעגונג, װאַרפט אױף איהם פון דער זײט אַ בליק): איך װאָלט ניט געגלױבט, שימעק, אַז אױף דיר װעט מאַכען דער אױסשליעסען פון גימנאַזיום אַזאַ אײנדרוק... (געהט אַרום הין און צוריק; אונגרוהיג איבער'ן צימער).

שימעק (אָהן אַ בעװעגונג. נאָך אַ קורצע פּױזע): װאָס?

איסאַק (נאָך אַ קלײנע פּױזע): איך דערקען דיך ניט! (בלײבט קעגען איהם שטעהן) די ערשטע פּאָר װאָכען אַז דו האָסט אונז אָנגעהױבען אױסמײדען — נאָר איך װעל ניט רײדען פון אונז, קײנער האָט מיך צו דיר ניט געשיקט... איך מאָהן בײ דיר מײן אײגענעם חוב! — נאָכדעם װי מאָסיע דיו-פּו-אי האָט זיך אױפגעהױבען מיט אַ רױטער נאָז און איז אַרױס פון קלאַס, בין איך צו דיר צו, געפּרעגט דיך דערשראָ-קען: — װאָס האָסטו געטהון?!

שימעק (גאַנץ קאַלט): דו האָסט עס מיך געפּרעגט.

איסאַק: איך האָב געפּרעגט! — װען מײן בליק װאָלט אין יענעם מאָמענט ניט פאַלען אױף דײן ערנסט-געװאָרענעם געזיכט, װאָלט זיך יענער נעלעכטער, װאָס האָט אױסגעבראָכען אין קלאַס, זיך צעשפּילט אױך אין מײן גאָרגעל —, דאַרפסט װיסען, אַז דאָס בילד, אַן און פאַר זיך, איז געװעזען זעהר שען און קאָמיש...

איסאַק: און דעמאָלט האָסטו ניט געלאַכט! כ'זאָל זאָגען: איך האָב דיך פערשטאַנען —? אַז אָסור! (מיט אַ הױכען טאָן). דו — װאָס קײן זאַך האָט בײ דיר ניט אַרױסגערופען אַ התפעלות, דו — װאָס קײן צופאַל האָט דיך ניט אַראָבגעפיהרט פון דײן גלײכגילטיגע שטימונג — ביסט געװאָרען בלאַס, דערשראָקען זיך פאַר'ן אױסשליעסען פון גימ-

נאַזיום! (פֿאַלט אַרײַן אין אַ װײַנען טאָן). דער קלאַס האָט יע געהאַט װאָס צו בעדויערן. מע האָט דיך געליעבט... (גאַנץ װײך). נעהנטער פֿון אַלעמען האָסטו מיך געפֿיהלט נעבען זיך... אַ יאָ?

שימעק (װאַרפֿט האַלב שמײכלענדיג, טרויעריג, אַ האַנד אויף איסאַק'ס אַקסעל): חבר!

איסאַק (קריגט װאָס װײַטער מעהר לשון): מיר איז נעפֿאַלען דײַן ליכטזינן װעלכען דו האָסט אַלעמען געװידמעט, אַלץ אין איהם פֿערװיקעלט... דאָס זיבערע אויסלאַכען דײַנס, יעדער ערנסטע ערשײַנונג... ביסט ניט געװיזען װי אַלץ װאָס פֿערמאַכט די אויגען און לאַכט אויס די װעלט ניט געזעהנערהײד... דו האָסט אַלץ בעמערקט, אַלץ געזעהן, דאָס װײַטסטע אויפֿגעכאַפּט, דאָס טיעפֿסטע אויפֿגעשעפּט— און אויסגעלאַכט! — אונטער דײַן װירקונג האָב איך אָנגעװאָרען דעם אינטערעס צום לערנען; צו די עקזאַמענס האָב איך מיך אַרומגעזעהן: מײַנע ביכער זענען נײַ, נײַ זײער אײַנבונד — װי איך האָב זײ געקויפֿט אין מאַגאַזין... איך האָב מיך אָבער אין דיר גענאַרט!

שימעק (פֿערװאַרפֿט די צװײטע האַנד אויף זײַן אַקסעל): חבר...

איסאַק: אַז דו ביסט אַרויס פֿון קלאַס איז באַלד נאָך דיר אַרויס דער דירעקטאָר — איך בין געבליעבען זיצען און האָב מיך פֿאַר דיר געשעמט...

שימעק (טשיקאַװע): געשעמט?

איסאַק: געשעמט! (רוקט זיך לאַנגזאַם אָב און בעפֿרײַט זײַנע אַקסלען פֿון שימעק'ס הענד). איך האָב נאָך דאַן ניט געװאוסט אין גאַנצען װי װײַט איך האָב מיך אין דיר גענאַרט... נאָר איך האָב שוין אָנגעהויבען פֿיהלען — און איך האָב מיך געשעמט... (מיט אַ טאָן פֿון אַ חוקר ודורש). נאָך אײדער מע האָט דיר צוגעשיקט דײַנע פּאַפּיערען פֿון גימנאַזיום ביסטו אָבגעפֿאָהרען —, נאָך װאָס ביסטו אָבגעפֿאָהרען? אַנטלאָפֿען פֿון האַרץ־קלעמעניש, פֿערשלאָגען דאָס אונגליק... אַהיים! — יעצט פֿערשטעה איך אַלץ... פֿונדעסטװעגען קומענדיג צוריק האָבען מיר דיך פֿערשלעפּט אין דער שטוב, איך האָב געגלויבט צו פֿערװישען דעם לעצטען שװערען אײַנדרוק װאָס דו האָסט אויף מיר געמאַכט, און איך האָב דיר געבעטען, שטאַרק געבעטען: דערצעהל, װי האָט עס פּאַסירט! איך האָב געגלויבט: װעסט עס דערצעהלען איבער אַ נײַם — און איך װעל ערשט דערזעהן דעם גאַנצען טעות װאָס איך האָב געהאַט...

שימעק: איך האָב דערצעהלט —

אִיסאַק: דו האָסט דערצעהלט, נאָר, בײַ גאָט! — איך האָב ניט צוגעלאָזט נאָהנט דעם געדאַנקען — דײַן קול האָט מינוטען־ווײַס פערציטערט, אַלאַבען און ווײנען האָבען זיך אין דײַן ערצעהלען געגאָסען... איך פערשטעה עס נאָך יעצט ניט! די קלײנע דאָרע האָט זיך נאָכרעם אַ צײַט פאַך דיר געשראָקען, און די מ אַ ד אַ ם — .. אַרויסגעהענדיג פון דאַנען צוזאַמען־-ביסטו אונז פון אונטער די פלײצעם פערשוואונדען געוואָרען — אַלאַנגע צײַט האָבען מיר דיך גורניט געזעהן; דאָ, אֶמת, האָבען מיר דיך אַמאָל געטראָפען, נאָר שוין אלס בּוּכהאַלטער — אַה... גוט־נאָווענד, הער קראַסנאָפאָליאַנסקי! (פערנײגט זיך פאַר איהם טיעף).

שִׁימעֶק (פערנײגט זיך עבענפאַלס).

(לאַנגע פּויזע) —

אִיסאַק: דאָס אַלץ פערשטעה איך ניט!

שִׁימעֶק (מיט אַ לײַכטען שמײכעל): פערשטעהסט טאַקי ניט?

אִיסאַק: דו היטסט זיך צופיעל פאַר מיר...

שִׁימעֶק (ערנסטער): נײן.

אִיסאַק: דו בעהאַלסט זיך פאַר מײַן חשד!

שִׁימעֶק: נײן!

אִיסאַק: דו זאָגסט נאָך: נ י י ן!

שִׁימעֶק: ווײסט וואָס איך וועל דיר זאָגען: איך וועל ניט וואַרטען ביז דו וועסט מיר חושד זײַן — (דרעהט בּיסלעכווײז אַראָב די לאָמפּ). עס דאַרף ניט ליכטיג זײַן ווען איך זאָג דיר אוים דעם ס וֹ ד... ווער ווײס וואָס פאַר אַפּנים בײַ דיר קען ווערען — איך וויל עס ניט זעהן!... (לעשט אוים די לאָמפּ, ס'ווערט פינסטער, דער לבנה־שטרײַף בלײַבּט אויף דער פּאָדלאָגע, ער געהט צו צום פענסטער, קוקט אַרויף צום הימעל, פּויזע).

אִיסאַק (פון זײַן אָרט, מיט אַ ביסעל שרעק און אונגעדולד): וואָס וואַרטסטו מיט דײַן סוד?

שִׁימעֶק (אָבּווענדענדיג זיך פון פענסטער): איך וואַרט... די לבנה שווימט באַלד אַרונטער, אונטער אַ וואָלקען. (וואַרט אַ סעקונדע). אָט, אָט... (עס ווערט אין גאַנצען פינסטער בײַ'ם פערשווינדען פונ'ם לבנה־שטרײַף. ער געהט צו צו איסאַק'ן, פרעגט איהם מיט אַ האַלבע שטימע). דיר דאַכט זיך גאָרניט?

אִיסאַק: וואָס זאָל זיך מיר דאַכטען?

שׁ ִי מ ֶ ק: יעצט, אָט יעצט, פִיהלסט עס ניט וואָס איך וועל דיר זאָגען ?...

א ִי ס אַ ק (אינסטינקטיוו דערשראָקען) : זאָג עס ניט, שימעק ... איך פיהל עס, איך פיהל ... (שפּרינגט אָב פון איהם) .

שׁ ִי מ ֶ ק (פון זיין אָרט) : אַהאַ ! האָסט עס דערפיהלט דאָס משוגעת ... (שוואַכער) איך זאָג לאַנג שוין אַז איך בין קראַנק — קראַנק בין איך ! און האָב מ'רא אָנרופען די קרענק ביי איהר נאָמען — .

א ִי ס אַ ק (זיין שטימע קומט פון אַנדער'ן עק ציממער) : שימעק, וואָס איז מיט דיר, שימעק ?

שׁ ִי מ ֶ ק: ביסט געשראָקען : איך האָב מיך דערמאָנט דערשראָקען ... ווען דו בעוויזט מיר יעצט אַ בילד פון מיין דערמאָנונגען אויסזעהן וואָלט איך מיך צעלאַכט, ווי איך צעלאַך מיך אויף יעדע קאָמישע געשטאַלט וואָס עס קומט מיר אויס צו זעהן — , איך האָב מיר אָבער דערשראָקען פאַר דער וועלט אין וועלכער איך וועל אַ ר יי נ ג ע ש ט ו י ס ע ן ... צו וועלכער איך מוז אָנקומען — , פאַר די וועלט מיט מ ע נ ש ע ן וואָס ריידען אַזוי הויך אויפ'ן קול ... וואָס וויינען , וואָס צווייפלען , וואָס בענקען , וואָס בעוועגען זיך אַזוי מאָדנע , פון וועלכע דאָס ח ד ר האָט מיך בעהאַלטען — (פויזע -) יעדען טאָג , אויפ'ן וועג אין גימנאַזיום , איז מיר אויסגעקומען צו זעהן די וועלט מיט איהרע בעשעפענישען ; דורכלויפענדיג שנעל דעם וועג פלעגט זיך מיר דאַכטען : אַ גרויסען קאַריקאַטורען-זשורנאַל האָב איך דורכגעבלעטערט -- פערשטעהסט, פערשטעהסט ! (פאַלט אריין אין אַ משוגענעם עקסטאַז, לויפט צו צו איסאַק'ן, שטיקט איהם דעם האַלז וואַרפענדיג איהם אויף דער קאַנאַפע) . נאַ ... נאַ ... איך שטיק דיך — אַה ! ... די צונג וועט דיר איבעריג אין מויל , די אויגען עפנען זיך דיר בריַיט , ווי זיי וואָלטען זיך דיר אַרויסקייקלען פון די לעכער —

א ִי ס אַ ק (חאָרחעלט) .

שׁ ִי מ ֶ ק (הערט זיך אַ ווייַלע צו צום האָרחלען) : חאַ — חאַ — חאַ ! איך לאַך ! ס'מאַכט מיך לאַכענדיג ... (לאָזט איהם אָב , געהט אָב שטיל צום פענסטער , קוקט אַרויס) . איך שפיר דעם בלייכען לבנה-שיין אונטער'ן וואָלקען — אָט שווימט זי אַרויס ... אָט ! (דער לבנה-שטרייף פאַלט ווידער אויף דער פאָדלאָגע , פויזע . מיט אַ לייכטען טרויעריגען טאָן) . זייענדיג נאָך אין גימנאַזיום , פיהלענדיג זיך אינ'ם נעטען שילער-מונדיר , פלעגט זיך נאָך אין מיר אָפטמאָל אויפהאַפען אַ געהיימע שרעק פאַר דעם מענשען חוק ... דאָס מין ווילדקייט אין מיר האָט זיך ערשט אָנגעהויבען צו בעווייזען — זי איז נאָך

געווען יונג און איך האָב לײַכט געקענט ברעכען איהרע פליגעל... איך האָב עס געטהון! — אויף איין באַנק זענען מיר געזעסען און דו האָסט נאַרניט געוואוסט! — (געהט אָנצינדען די לאָמפּ) און אַז ס'האָט געטראָפען דאָס וואָס ס'האָט געטראָפען — (ס'ווערט ליכטיג, האַקט איבער די רייד. דערזעהט איסאַק'ן פערמוטשעט אויף דער קאַנאַפּע) איך האָב דיר וועה געטהון?

א י ס אַ ק (נידערגעשלאָגען): שימעק...

ש י מ ע ק (קעהרט פון איהם אָב דאָס געזיכט מיט אַ לײַכטען שמייכעל): און אַז עס האָט געטראָפען וואָס ס'האָט געטראָפען — בין איך בלאַס געוואָרען! — נאָך איידער איך בין פון גימנאַזיום אויף דער גאַס אַרויס; איידער איך האָב געטראָפען דעם ערשטען ציווילען מענשען — בין איך בלאַס געוואָרען... דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט! — דעמזעלבען טאָג בין איך אַרײַן אין אַ קליידער-קראָם — דער מאַגאַזינער, אי דער 'מ אַ ג אַ ז י נ ע ר! — „איהר האָט נאָך ציוויל-קליידער ניט געטראָגען? —" און צופריעדענע אויגעלעך קוקען מיך אָן. — איך וועל פאַר אייך אויסזוכען ס'ערשטע רעקעלע! — און טהוט מיר אָן אַ רעקעלע (ווײַזט אויף זײַנע קליידער) דאָס טאַקי! און גלעט עס, ציעהט עס אויף מיר, די קליאַפּעס פערבויגט אין די זײַטען האָבען מיר אויסגעוויזען אַזוי חזק'דיג — דער מאַגאַזינער, די פערקויפערלעך — אַלע האָבען זיי געטראָגען די זעלבע רעקעלען מיט די קליאַפּעס... איך האָב מיך אַזוי בעקוקט —

א י ס אַ ק: און ביסט אַ היים געפאָהרען!

ש י מ ע ק: ווייסט נאָך וואָס? ח ת ו נ ה האָבען!... איך האָב געוואָלט טהון אַן ע ר נ ס ט ע ז אַ ך, זיך פערדרעהען דעם קאָפּ... אַן'עלטערע שוועסטער האָב איך, מיידעל-ווײַז אַן'עהנליכע צו מיר, האָט זי חתונה געהאַט... פערשלאָגען זיך — ...

א י ס אַ ק: וואָס רעדסטו?

ש י מ ע ק: איך האָב מיך געוואָלט ר אַ ט ע ו ו ע ן... פערטומלען זיך, און ווערען א י י נ ע ר פ ו ן ז י י... — און האָב אָנגעהויבען אַרײַנצוגעהן צו אַן'אַלט מיידעל, פונקט האָט זיך מיר אַזעלכע געטראָפען... מיט אַשענעם ט אַ ט ע ן, מיט ג ע ל ד... מײַן טאַטע-מאַמע'ן האָב איך געגעבען אָנצוהערען... דער טאַטע האָט ג ע ש מ י י כ ע ל ט, די מאַמע האָט אָוועקגעקוקט... אין אַ פאַרנאַכט, זיצענדיג מיט'ן מיידעל אין פעלד, די פערגאַנגענע זונן, דאָס לינד ווינטעלע — איז זי מיר געפאַלען אויפ'ן ברוסט און געחלש'ט —, מײַן געלעכטער האָט זי אָבגעמינטערט, און זי איז אַוועק אַ ברוגז'ע... אויף מאָרגען האָט זי מיך ניט

געוואָלט אויפנעהמען... אָסקאר׳ס מאַטען געפֿעל איך פֿאַר אַ בוכהאַל־טער! ביי אונז איז נעטאָ־פּרייזען, דינגען זיך ניט די סוחרים, רעכענט זיך מיט זיי אָב ראובן; און איך פֿערברענג מיט דאָס מיינינגע... אפשר ווילסטו אַ קוק טהון, פֿון די ניַיע ערשט אָנגעקומענע? — אָה, מיט איַיך, מיַינע ליעבע חברים פֿרעמד איך מיך טאַקי צופֿיעל... (געהט צו איהם מיט שנעלע טריט צו) איך האָב דיר וועה געטהון, מיין טריַיער חבר?

איסאַק (שטעלט זיך אויף): אַ וועק, אַוועק פֿון מיר! (רוקט זיך אָב צום טיר און רוקט זיך אַרויס).

שימעק (צעלאַכט זיך): חאַ—חאַ—חאַ!... וואַרט, איך געה אויך! (לויפֿט אַרום צו זיך, געהט אַרויס און קאַפּעליוש, ביי דער גאַס־טיר טרעפֿט ער זיך מיט ראובנ׳ן) ראובן!

ראובן (אין אַ וויַיסען קראַגען): איהר האָט פֿאַר מיר אַ בריעף?

שימעק (נעהמט איהם אַרויס פֿון טאַש): אָ יע, — איהר האָט זיך אָבגערעכענט מיט אַלעמען?

ראובן: אָט האָט איהר די רעכנונגען מיט די וועקסעלעך.

שימעק: אַ דאַנק איַיך, ראובן; דאָ האָט איהר דעם בריעף. (אָב).

ראובן (אַליין בלייבענדיג, בעטראַכט דאָס קאָנווערטיל): אַ היימיש קאָנווערטיל און ניט פֿון דער היים... (בעוועגט אונאַנגענעהם מיט דעם קאָפּ, ס׳איז איהם ניט בעקוועם אין האַלז, לעגט דעם בריעף אויפֿ׳ן טיש, פֿאַר־זיך) באַלד — (נעמט אויסטהון דעם האַרטען קראַגען, עס געהט איהם שווער אַראָב) דער טיַיוועל זאָל עס נעמען!

שרה־לאה (קומט פֿון גאַס).

ראובן: איך קען מיך נאָך אַלץ ניט געוועהנען צו אַ קראַגען...

שרה־לאה (שמייכעלט, וואַרפֿט אַראָב דאָס ליַיכטע טיכעל פֿון די אַקסלען): ער האָט דיך אָבער איַינגעשפּאַנט, דער פֿעטער!

ראובן (וואַרפֿט דעם קראַגען אויף אַ שטול): צו אַל־די — ! האָט זיך איַינגעטשעפּעט אין מיר פֿאַר׳ן אַוועקפֿאָהר, און איך האָב איהם גע־מוזט צוזאָגען... (הויבט אויף דעם קאָפּ און פֿיהרט מיט דער האַנד אונטער דער גאָמבע). ניעב עקסטרע אַ קוק ווי ער האָט מיך צעראַצט, דער קראַגען —

שרה־לאה (קומט צו, גלעט איהם די גאָמבע): אָי. אָי!..

ר א ו ב ן: איך בין ניט געוואוינט; דערצו נאָך אַזעלכע הייסע טעג ... (פּאָכעט מיט׳ן רעקעל).

ש ר ה־ל א ה: אַ ווינטערדיג רעקיל.

ר א ו ב ן (וואַרפט אַראָב פון זיך דאָס רעקיל): ווייסט וואָס, שרה־לאה, גיעב מיר גאָר אַרויס מיינע אַ בלוזע! עס ליעגען נאָך דאָרט אויס־געוואַשענע?

ש ר ה־ל א ה (איילט אין קיך): ניט איינע!

ר א ו ב ן (געהט איהר נאָך ביז דער טיר, בלייבט דאָרט וואַרטען, וואַרפט אַ קוק אויפ׳ן טיש, פאַר זיך): דער בריעף ליעגט דאָרט —

ש ר ה־ל א ה (ברענגט אַריין אַ בלוזע).

ר א ו ב ן (ציעהט איהם אַרויף אויף זיך, פערקנעפּלענדיג בײ׳ם קרעגעלע). אָט, גאָר אַנדערע דבורים! (זוכט אין די טאַשען). עס דאַרף נאָך ערגעץ אין אַ טאַש ליעגען דער שנור — (ציעהט איהם פון אַ הויזען־טאַש אַרויס, פערשלייפט עס אין אַ זייט). אַזוי, יעצט בין איך אין דער ה י י ם!...

ש ר ה־ל א ה: האָסט אויפגעלעבט!

ר א ו ב ן (פערפלעכט די הענד אויף דער ברוסט, שטעלט זיך פעסט) אויפגעלעבט! (מיט אַ געוויסען אַקצענט). ב ר י ד ע ר און ש ו ו ע ס ט ע ר! (מיט אַ לייכטען שמייכעל) רוף צוזאַמען, שרה־לאה, אַ מ אַ ס ע — די ר ע ד ע רייסט זיך מיר שוין פון מויל אַרויס...

ש ר ה־ל א ה (קוקט אַרום דאָס צימער): וואָס מיינסטו, מע וואָלט דאָ ניט געקענט אַמאָל מאַכען אַ פערזאַמלונגעל ... אַ מאַסאָווקעלע? ... דע־רינען, אין זאַל — אודאי!

ר א ו ב ן: לאָז אָב! נאָר ווייטער פון פעטער ... אַח, שרה־לאה, האָב איך ליעב מײַן פעטער מיט׳ן זוהן! ... אָסקאַר׳ן האָב איך נאָר ליעב! (פערקריצט קוים די ציין). ער מוז דאָרט קריכען צו אונז יעדען טאָג ...

ש ר ה־ל א ה: אָבער ד אָ ר ע ל ע ווערט אַ וואויל מיידעל!

ר א ו ב ן (פערקרימט זיך לייכט): יע ... איך האָב שוין אַזאַ מול צו מיינע שוועסטער־קינדער — איך לייד זיי ניט ...

ש ר ה־ל א ה: דאָרעלע ווערט אַ וואויל מיידעל!

ר א ו ב ן: וואָסי? זי האָט דיך אוודאי אויך געבעטען זאָלסט איהר מיטנעהמען אויף דער ב י ר ז ש ע?

ש ר ה־ל א ה! שוין צופיעל אײַנזײַטיג, ראובן.

ר א ו ב ן: ס׳קען זײַן ... איך לייד זי אָבער ניט! (געהט צו איהר צו, גלעט זי די האָר) איך לייד זיי ניט די פ ר י וו י ל ע ג י ר ט ע —

שרה־לאה: וואָס מיינסטו?

ראובן: איך מיין — (געהט אוועק פון איהר זײַן האַנד). אַנ'אַנדערע אויף איהר אָרט, אַנ'אָרימערע, זאָל זיך וואַרפען יעדען אויפ'ן האַלז, וואָלטען זיך אַ סך אויף איהר דערבאַרעמט.

שרה־לאה: עס געפעלט דיר ניט איהר לעבעדיגקייט? ס'איז דאָך אַזוי נאַטירליך!

ראובן: ס'איז נאַטירליך! ס'איז שען! — נישטאָ אויף דער וועלט קיין שענערס ווי אַ מענשען'ס האַרץ ווען עס לעבט אין אויסגעשרעהען, און גיסט זיך אויס אין בעוועגונגען —, אַרויס מיט'ן לעבען!... אַנ'אַנדערע אָבער, אַנ'אָרימערער וואָלט אַנ'אויסגעשרעה, אַ פרייע בעוועגונג עפּעס נעקאָסט... דו קאָנסט מיך פערשטעהן!

שרה־לאה (לאָזט אראָב דעם קאָפּ): דער וואָס האָט שוין געקאָסט — וועט פערשטעהן... און דאַרען?

ראובן: איהר ניט! מע האָט ניט די העזה... זי איז פּריווילעגירט — און איך לייד זי דערפאַר ניט... מיט אַ האַלבע שעה צוריק האָב איך איהר געזעהן, צוויי פון אָסקאַר'ס חברים זענען איהר געווען ביי די זייטען, מיר איז אויסגעקומען געהן הינטער זיי, האָב איך געהערט: — וואָס קנייפּט איהר מיר ניט די אָרעם? אומזיסט האָט מיך שימעק געשראָקען! — (קורצע פּויזע) מע האָט ניט די העזה!..

שרה־לאה: נאַראָנים...

ראובן: אפשר... נאָר די זעלבע נאַראָנים, קוים ברענגט זיי דער צופאַל צו אַנ'אַנדערע, ווערען זיי קלוג אין טאָג אַריין, שלמה־המלך'ס חכמה שיינט זיי אַוש פון די אויגען!.. (נעהמט דעם בריעף פון טיש).

שרה־לאה: יאָ, וואָס פאַר אַ בריעף האָסטו געקראָגען? אַ היים'ש קאָנווערטיל —

ראובן (קוקט אויפ'ן אדרעס): דער אדרעס איז אָבער ניט פון דער היים. (ריסט אויף דעם בריעף):

(אַ קלינגען פון גאַס).

שרה־לאה (געהט צו צום טהיר): ווער איז?

וואָלאָדיאַ (פון הינטער דער טהיר): מיר! איינענע, איינענע מענשען!

שרה־לאה (שטיל צו ראובנ'ן): די נאַראָנים —

ראובן (מיט אַ ניש'צופרידענע בעוועגונג): איך געה אריין דערינען. (אָב אין זאַל).

(אַ האַלבע זאַל־טהיר בלייבט אָפען, דאָרט איז שטאָק פינסטער).

שרה־לאה (עפענט די טהיר).

(עס קומען אַריין: וואָלאָדיאַ און יאַשאַ).

וואָלאָדיאַ: זיי זענען שוין ניטאָ?

שרה־לאה: וועמען מיינט איהר?

יאַשאַ: איסאַק, שימעק —

שרה־לאה: ניטאָ זיי שוין.

וואָלאָדיאַ: און איהר זענט אַליין דאָ? איז אייך ניט אומעדיג?

שרה־לאה (קוקט צו דער אָפענער זאַל טהיר): אַ ביסעל...

יאַשאַ: וואו איז חבר ראובן?

שרה־לאה: חבר ראובן —? איהר דאַרפט איהם?

וואָלאָדיאַ (יאַשאַ'ן): לאָז אָב...

יאַשאַ (שרה־לאה'ן): ניט נעטהיג... איך פרעג גלאַט אַזוי, די לעצטע טעג טרעף איך אייך עפעס ניט, מיט'ן חבר־ראובן?

וואָלאָדיאַ (יאַשאַ'ן שטרענגער). לאָז אָב...

שרה־לאה (וואָלאָדיאַ'ן): איהר מוזט איהם שטאַרק ניט ליידען?

וואָלאָדיאַ: כמעט ווי געטראָפען... צו אייך האָט עס אָבער ניט —

שרה־לאה: וואָס זאָל עס צו מיר האָבען?

וואָלאָדיאַ: כ'ווייס...

יאַשאַ: ער מיינט אַז איהר ליעבט איהם, ראובנ'ן... איאָ איהר האָט איהם ליעב?

שרה־לאה (שטילערער): די לעצטע טעג טרעפט איהר אונז ניט?... — אָבער, זעהט נאָר, זעהט, ווי זיי פרעגען מיך דאָ אויס!

וואָלאָדיאַ: איהר שעמט זיך?

יאַשאַ: זי איז רויט געוואָרען! אָי, אָי, זי איז רויט געוואָרען! (געהט צו איהר צו נעהנטער, קוקט זיך איין אין איהר געזיכט). אָדער ניין — די יונגע פאַרב שטעהט איהר אין די באַקען!

שרה־לאה (דערמאָנט זיך וואָס, שטייפלענדיג): העזה'ניקעס!

יאַשאַ: ווען איהר זאָלט ניט זיין קיין אָרגאַניזירטע —

שרה־לאה (לאַכט).

יאַשאַ (נעהמט איהר פאַר די הענד): זאָגט נאָר: איהר אַנערקענט טעראָר?

שרה־לאה (לאַכענדיג): ניין. פונדעסטוועגען, אַז די הענד זענען

מיר פֿרײַ גיעבען זײַ אָפּטמאָל אַ פּאַטש.

יאַשאַ: װעל איך זײַ טאַקי ניט אַרױסלאָזען!

װאָלאָדיאַ (געהט צו, נעמט אָב פֿון יאַשאַ'ן איהר אײַן האַנד): גיעב מיר אײנע; אָ, יעצט זענט איהר געפּלעפּט! יאַשאַ, הױב אָן —!

שרה־לאה (שמײכעלט גאַנץ גלײַכגילטיג).

יאַשאַ: האַלסט פּעסט?

שרה־לאה: העזה'ניקעם!

װאָלאָדיאַ: נו, אַרױס, יאַשאַ, מיט די ברענ־אײַזענס!

יאַשאַ (פֿאַלט צו, צו שרה־לאה'ס רעכטע באַק מיט די ליפּען):

װאָלאָדיאַ: יעצט־איך, האַלסט?

יאַשאַ: נו... אַרױס מיט די פּיאַװקעס!

װאָלאָדיאַ (פֿאַלט צו מיט די ליפּען צו שרה־לאה'ס לינקע באַק).

שרה־לאה: העזה'ניקעס? װאָס דריקט איהר מיר אַזױ די הענד...

װאָלאָדיאַ: אַנו, יאַשאַ, — א י י נ ס, צ װ י י, ד ר ײַ —! (בײדע פֿאַלען צו איהר צו מיט די ליפּען, יעדער צו זײַן באַק)...

ראובן (בעװײַזט זיך פֿון דער אָפֿענער זאַל־טהיר, מיט'ן בריעף אין האַנד).

װאָלאָדיאַ / יאַשאַ (װאַרפֿען זיך אָב פֿון שרה־לאה'ן).

ראובן (װאַרפֿט אױף זײַ אַבײזען בליק, ציעהט אַפּער אַ שטול, זעצט זיך, נעמט אַרױס דעם בריעף פֿונ'ם קאָנװערט).

שרה־לאה (בלאָזט זיך אין די הענד): פֿו—פֿו—

װאָלאָדיאַ / יאַשאַ (װײַזען איהר מיט די הענד אַ לופֿט־קוש, אָב אין גאַס־טהיר).

שרה־לאה: װי מע שרעקט זיך פֿאַר דיר!

ראובן: איך שטעה דאָרט אין דער פֿינסטער, און דו האַלסט זײַ דאָ...

שרה־לאה: האָסט ניט געזעהן װי זײַ זענען מיך בעפֿאַלען?

ראובן (קוקט איהר אַ װײַלע שטום אָן, ס'טהוט איהם באַנג): װי דו האָסט זיך, געענדערט, שרה־לאה!

שרה־לאה: די שטאָדט, ראובן, די שטאָדט... נאָר דו װײסט: איך װער פֿון מינוט צו מינוט גלײַכגילטיגער צום דעם אַלעם... װען זײַ זענען אַרײַנגעקומען איז מיר אײַנגעפֿאַלען מאַכען אַ פּראָבע — האָסט מיר ערשט ערקלערט װעגען האָבען העזה און ניט האָבען העזה... —

(שמיט אַ לײַכטען שמײכעל) זײַ זענען טאַקי העזה'ניקעס! דאָרען, זאָגסטו, האָבען זײַ ניט גערירט?

ר א ו ב ן (וועלכער לעזט שוין דעם בריעף): לאָז, לאָז... (מיט אַ לאַכעדיגען בטול) אָ ס ק אַ ר שרײַבט מיר!

ש ר ה ־ ל א ה: אָסקאַר? װעגען וואָס? — אַ גליק וואָס ער איז ניטאָ; ער וואָלט אויפגעזוכט בײַ מיר אַ דריטע באַק!.. וואָלסט זעהן ווי זײַ זענען מיך בעפאַלען — אַ געלעכטער איז מיר אָנגעגאַנגען.

ר א ו ב ן (לעזענדיג פעראינטערעסירט, צוטראָגען): לאָז, לאָז...

ש ר ה ־ ל א ה (ציעהט אויס די הענד מיט אַ לײַכטען געניץ): וואַ! נישטאָ קײַן שענער'ס ווי בעל־הבית'ישע זוהנדעלעך צעהיצען זיך... (זעצט זיך, נעהמט אַרויס פון טאַש אַ ביכעל, לעזט) ד ע ר ק ל אַ ס ע נ ־ ק אַ מ פ ף.

ר א ו ב ן (נעהמט אַוועק דאָס געזיכט פון'ם בריעף, קנײטשט עס בלאַס תם'עוואַטע, פרעגט זי): וואָס?

ש ר ה ־ ל א ה (ווײַזט איהם דאָס ביכעל אין האַנד. פויזע) וואָס שרײַבט ער דיר?

ר א ו ב ן (שטעהט אויף פון אָרט, בײַסענד): אַז מײַן שוועסטער איז אַ וואהל מײדעל! אַז אויף אַזאַ ש ו ו ע ס ט ע ר ק י נ ד האָט ער זיך ניט גערעכט; אַז אונזערע קומען צו זײַ אונטער'ן שטאָדט עפּטער'ס, נאָר דבורה איז כמעט אין גאַנצען בײַ זײַ, עסט דאָרט און שלאָפט דאָרט —

ש ר ה ־ ל א ה: ראובן!

ר א ו ב ן: בײַ טאָג שפּאַצירט מען אויף די פעלדער, אין די וועלדער; כל־זמן דער פּאַפּאַ מיט דער מאַמאַ געהען זײַ נאָך — האַלט מען זיך אַ ביסעל פון דער ווײַטענס; אין טיעפען וואַלד וואו פּאַפּאַ'ס און מאַמאַ'ס בליק קומט נישט צו, נעהמט מען זיך אונטער די הענד —

ש ר ה ־ ל א ה: ווי רעדסטו...

ר א ו ב ן: און פאַרנאַכט זיצט מען זיך אין אַנ'עקסטראָ צימעריל, בײַ'ם אָפענעם פענסטער — (שרײַט אויס) אַ גליק האָט מיך געטראָפען מיט'ן בריעף! ווען ער זאָל אַ טראָפּעלע קליגער זײַן וואָלט איך פון דעם אַלעם ניט געוואוסט! — ער דערצעהלט אויך אין בריעף אַז דבורה האָט זײַדענע געקרויזטע האָר... צעפּלעכט זי זײַ, ווערט אין קרויזען פערשלונגען אַזאַ לאַפּע ווי זײַנע —

ש ר ה ־ ל א ה: צו וואָס שרײַבט ער עס, דער אידיאָט...

ר א ו ב ן: נאַר! איך בין צופרידען... אָסקאַר האָט נאָך אויף

דער וועלט אזא גוטע זאך ניט אויפגעטהון! — ווען ניט דער בריעף וואלט איך הײַנטיגע נאכט רוהיג געשלאפען אויף דעם פעטער'ס קאנאפע, — — שרה־לאה, וואס זאגסטו אויף מײַן שוועסטער?

שרה־לאה: מײַנע א יונגערע חבר'טע, א ווײַטע חבר'טע... מײַן טאטע איז אלע מאל געווען מעהר ארימאן פאר דײַנעם...

ראובן: און זי — נארישער פאר דיר!

שרה־לאה: ריהרעווריגער, שענער אנגעטהון, פרײַערע אויגען—

ראובן: מיט א קנעכטיש הארץ...

שרה־לאה: דאס ווײס איך ניט!

ראובן (נידערגעשלאגען): איך האב עס אויך ניט געוואוסט... — ער בעלײַדיגט זי דארט אזוי און זי פיהלט עס ניט! וועה מיר, יעצט הויב איך מיך אן צו דערמאנען וואס פאר א נאר זי איז, וואס פאר א בהמה א מויד!... (פויזע) אין דער היים שלאפען מיר אין איין צימער — יעדען אין דער פריה פלעג איך זי זעהן זיצען אין בעט, אויפגעחאפט, מיט צעפלאשעטע האר, דאס לײַב פריש, אויסגערוהט, און די אויגען — לאכען —

שרה־לאה (מיט א ליכטען שמייכעל): גארניט אזוי מיאוס... קענסט גארניט וויסען וואס פאר א חלום ס'פלעגט זיך איהר פערלעשען אינ'ם הארצען בײַ'ם אויפמאכען די אויגען... אזא ברודעריל דערצעהלט מען ניט!

ראובן (קעהרט זיך פון איהר אב).

(פויזע)

שרה־לאה (לאזט אראב דעם קאפ): זיי זאלען זיך דערוויסען אין דער היים פון מיר...

ראובן (אויפגערעגט): געהאט האב איך דיך! דערנאך איז דיר געפאלען אנ'אנדערער... (קורצע פויזע) אז איך האב דאס ערשטע מאל בעמערקט ברוסט בײַ דער קלײנער דבורה'קען איז מיר קיין שלעכטער געדאנק ניט אויפגעקומען אין קאפ... דעם ערשטען בעסטען מענשען האט זי געמענט אויפ'ן האלז פאלען!

שרה־לאה: אי! אי!

ראובן: זי האט ניט געהאט דעם מוטה דערצו, און דערווארט זיך אויפ'ן רײַכען שוועסטערקינד...

שרה־לאה: דער בריעף דערצעהלט דיר גארניט אזוי פיעל וויפיעל דו מײנסט... דו ביזט שוין אזוי זיכער!

ר א ו ב ן: איך בין זיבער, שרה־לאה, דאָס מאָל בין איך זיכער! (גיעהט אָב, שטעהט אַ ווײַלע מיט'ן פּנים צום פענסטער, קעהרט זיך דערנאָך אום און רעדט אַרויס מיט שמערץ). און מע קאָן איהר אַפילו ניט פערדענקען, מײַן שענער, אָרימער שוועסטער! דערמאָן איך מיך אָן אונזער שטער־טיל, אונזער הויז, דאָס אָרים פינסטער לעבען — וויינט מיר אויף איהר דאָס הארץ. — מײַן שענע שוועסטער!... דער טאַטע — אַ מאָל אַ זײַ־דענער יונגער־מאַן, אַנ'אײַדעל קינד, קײנמאָל ניט פערדיענט, ווי דער פעטער זאָגט, — און האָט קינדער וואָס וואַקסען, צום אונגליק, ווי אויף הויוען, שטאַרקע, מיט הײסע, נאָך עפּעס דורשטיגע טעמפּעראַ־מענטען (שטעהט פעסט) אַזוי ווי איך — אַזוי איז מײַן שוועסטער, אַזוי — די קלענערע וואָס וואַקסען ערשט אויף... אָפּטמאָל אַרויסגעהענדיג מיט מײַן שוועסטער אויפ'ן פעלד, — דער ליכטיגער, פרײַער הינטער'ן שטאָדט! דער הימעל הויך איבער אונז פערפלײצט מיט אַ בלאָהקײט, אַזש בײַ מײַן שוועסטער פלעגען זיך די הענד אויפהויבען איבער'ן קאָפּ — (הויבט אויף די הענד אין דער הויך און רופט אויס) און — אָ־אָך! — אַזוי שטאַרק און ברײט! דערנאָך דאָס אַ היים־קומען: ווידער די ענגע שטוב, די אײגענע אָרימקײט... פלוצלונג איז ע ר אָראָבגעקומען, דער שוועס־טערקינד! און וואָהנט אין דעם אין בוימער און בלומען פערזונקענעם פּאַלאַציל; דער רײַכער שוועסטערקינד — וואָס שמייכעלט אַזוי זיס אין פּנים אַרײַן, רעדט אַזוי מאָדנע גרויסשטעדטיש, שושקעט אַזוי ליעב אין די אויער'ן און ניצט אויס איהר יעדע פערלעגענהײַט... (קוקט נידערגע־שלאָגען אַרויס אין פענסטער).

(אַ לאַנגע פּויזע)

ש ר ה ־ ל א ה (ניט אַראָבנעהמענדיג די אויגען פון זײַן פּלייצע): מיר פאַלט אָבער אײַן, ר א ו ב ן, אַז אָסקאַר וואָלט גאָרניט געשריבען — (האַלט אײַן די ווערטער).

ר א ו ב ן (ווענדט צו איהר אַ ביסעל דעם קאָפּ, קוקט איהר שטום אָן).

ש ר ה ־ ל א ה (ענדיגט איהר געדאַנק): אָסקאַר וואָלט גאָרניט גע־שריבען ווען ס'זאָל עפּעס וואָהר זײַן.

ר א ו ב ן (קוקט איהר לאַנג אָן און פרעגט איהר פלוצלונג): שרה־לאה, ווי איז ער צו דיר צוגעקומען?

ש ר ה ־ ל א ה: דעמאָלט?

ר א ו ב ן: דעמאָלט, בײַנאַכט!

ש ר ה ־ ל א ה (אונגאַנגענעהם): ווער געדענקט עס...

ראובן: האָסט שוין געהאַט געשלאָפען?

שרה-לאה: יע... ס'איז שוין געוועזן שפעט.

ראובן: ער האָט זיך דיר אויפ'ן בעט געזעצט?!

שרה-לאה (ווי צו זיך): אַזאַ געמיינער יונג...

ראובן: זעהסט, איך טרעף! איך טרעף!... מיט מיין שוועס-טער געהט עס צו אַ ביסעלע אַנדערש... (פון אַ געדאַנק בעגריפען) דו שלאָפסט דאָך אין קיך, שרה-לאה!

שרה-לאה (אומבעוואוסט, ווי דורך אַ פאַרגעפּיהל): וואָס איז?

ראובן (מיט שמערץ): ער פערפיהרט זי דאָרט, מיין שענער אָרימער שוועסטער! און ער האָט גאָר קיין מורא ניט —

שרה-לאה: ראובן!

ראובן (היים, ווי פריהער): דער אָ, האָט דאָ אויך איבערגע-לאָזען אַ שוועסטער! יונג און לייכטזיניג ווי אַ זומערפייגעלע וואָס פאַלט צו, צו יעדען לאָמפּען-פלאַם. זומט און שוויבעלט אַרום יעדען, — און קיין פייער האַפּט עס ניט אויף, קיין פלאַם שלינגט עס ניט איין... אַ פליגעלע ס'מאָל, האָט עס ניט אָנגעברענט!

שרה-לאה: דיך פערדריסט עס?

ראובן: צוויי שוועסטערקינדער — און אַזוי טיעף דער אָב-גרונד... ער לאַכט זי דאָרט אויס, וועז זי פערמאַכט די אויגען פאַר איינענע חרפּה... און ער צימערט גאָרניט פאַר זיין שוועסטער!

שרה-לאה: זעהסטו, פון זיינעטוועגען...

ראובן (שטאַרק): וואָס?

שרה-לאה: אָסקאַר זאָרגט זיך קנאַפּ-וואָס פאַר זיין שוועסטער...

ראובן: געוויס ניט! ער איז זיבער מיט איהר... ער ווייס: ס'וועט ניט די העזה האָבען; ס'וועט זיך ניט געפינען אַזאַ דרייסטער יצר-הרע... (מיט אמת'ן צער) מיר איז גוט! מיר איז זעהר גוט, שרה-לאה!

(מע קלינגט פון גאַס).

שרה-לאה (עפינט די טיר).

שימעק (קומט אריין, ציטערט פון קעלט, געהט לאַנגזאַם, שווייגענדיג דורך צו זיין צימער).

(פויזע).

שרה-לאה (מיט אַ מיטפיהלענדען טאָן): האָסט געזעהן ווי ער האָט געציטערט?

ראובן: שימעק?

שרה-לאה: ער מוז קראַנק זיין...

ראובן (פערטראַכט אין זיין אונגליק, ברעכט די הענד). (פויזע)

שרה-לאה (ווידערהאָלט פאַר זיך): ער איז קראַנק.

ראובן: ער איז קראַנק... ער איז קראַנק... ס'איז דאָ אַזוי היים! און דאָס פענסטער איז צו, (ער עפינט'ס, און געעפענטען פענסטער) אַ קיהלע נאַכט אין דרויסען! (רוקט אַביסעל אַרויס דעם קאָפּ) אַנ'אויסגע-שטערענטער הימעל; ער גליהט, דער הימעל! אַזאַ נאַכט-ווינטעלע בלאָזט העלער אויף די שטערען, פערוואַרפט ניט דעם הימעל מיט חמאַרעס — ניין, ניין, ס'וועט היינט קיין דונער ניט טרעפען, איינע פון די פּאָרלעך, ביי די אָפענע פענסטער!

שימעק (קומט אַרויס פון זיין צימער, אַנגעטהון וואַרם, און אַנ'אַלטע גימנאַזיסטישען שינעל אָהן קנעפּ): עס איז דאָ אָפען דאָס פענסטער?

ראובן (קעהרט זיך אום צו שימעק'ן פערמאַכענדיג דאָס פענסטער) אייך איז קאַלט?

שימעק: זאָל זיין אָפען!

ראובן (פּראַלט אויף צוריק דאָס פענסטער).

שימעק (געהט צו צום פענסטער): רוקט זיך אַביסעל, ראובן. (ציטערט לייַכט די גאַנצע צייט ווי אין פיבער).

ראובן (מאַכט איהם אויך פּלאַץ ביים פענסטער): ס'איז אייך ניט קאַלט?

שימעק (אַרויסקוקענדיג אין גאַס): לעדיגע גאַסען... (צו ראובנ'ן) וואָס האָט איהר מיר געפרעגט?

שרה-לאה: קאַלט איז אייך!

שימעק (דרעהט זיך צו איהר אויס, די הענד אין די אַרבעל פון שינעל): עפּעס איז נישט קאַלט נישט וואַרם, נאָר ביידע זאַכען צוזאַמען...

שרה-לאה: געהט אַוועק פון פענסטער.

שימעק (חאַפּט אַ קוק אין גאַס): וואָסי?

שרה-לאה: איך וועל אייך וואַרם אויסבעטען...

שימעק: איך רעדען טאַקי אַרויפלעגען היינטיגע נאַכט אויף דער קאָלדרע, מיין שינעל... (ווענדט זיך צו ראובנ'ן) ווי געפעלט אייך מיין שינעל? איהר האָט מיך אין איהם שוין ניט געטראָפען —

שרה-לאה (אָב אין זאַל).

שימעק (נאָך אַ קורצען שטילשווייגען): מיט דריי חדשים צוריק זענען דאָ געווען צוויי רייהען קנעפּ; זילבער־קנעפּ... נאָכדעם ווי מ'האָט מיך אַרויסגעטריבען זענען זיי איינער נאָכ'ן אַנדערן אָבגעפֿאַלען... איהר זעהט: קיין איין קנאָפּ ניטאָ... און ס'האָט אַ פּנים פֿון חוזק... נאָר וואַרם איז מיר נאָך אין איהם עד־היום!...

שרה־לאה (קומט אַריין פֿון זאַל מיט אַ גרויסע דעק (פּערינע) אויף די הענד): דער מאַראַם'ס אַ דעק!

שימעק (געהט צו און בעקוקט זי לאַנג אָן): איך דערקאָן ניט... וואוהין טראָגט איהר זי?

שרה־לאה: צו אייך אין בעט; איהר וועט זיך איין נאַכט אונטער איהר דורכשלאָפֿען, שטעהט איהר אויף אַ געזונטער!

שימעק (שוואַך): איך גלויב ניט... (געהט צוריק צו צום פֿענסטער) לעדיגע גאַסען, — מע שלאָפֿט, מע שלאָפֿט! ש־שאַ... דער עולם איז שוין אַרונטער אונטער די דעקעס; די לאָדען זענען פֿערמאַכט, די פֿענ־סטער פֿערהאַנגען, הערט מען ניט דאָס שנאָרכען... באַלד וועט זיך אַרויסשיטען פֿונ'ם טהעאַטער אַ וואַכע פּאַרטיי מענשען, אַ לעצטע, און יעטם זיך צעזייען איבער אַלע שטילע גאַסען. — עס ברענט נאָך אַזוי העל אין טהעאַטער די לאָמפּ! (קעהרט זיך אום) דאָרע איז נאָך ניט געקומען?

ראובן (וועלכער איז געשטאַנען די גאַנצע צייט ביי'ם פֿענסטער, פֿער־צימערט לייבט, חאַפּט אויפֿ'ן קאָפּ דעם הוט): איך געה זי אָבוואַרטען —

שימעק: וועמען?

ראובן (שימעק'ן האַלב אין אויער, סאַרקאַסטיש): מיין שוועסטער־קינד!

שימעק (יוי צו זיך אַליין): אום־הו...

שרה־לאה (צו שימעק'ן): נו, ווי בלייבט? אַריינטראָגען אייך די דעק? ס'איז שווער צו האַלטען...

שימעק (האַפּט זיך אויף): איך העלף אייך! (איילט צו שרה־לאה'ן, נעמט אָן די דעק אין צוויי עקען און זיי טראָגען איהר אַריין צו איהם אין צימער).

ראובן (אָב אין גאַס, לאָזט די טיר אָנ'אָפֿענע).
(לעדיגע סצענע).

שרה־לאה (געהט שנעל אַרויס, מאַכט אַ פֿערוואונדערטע בעוועגונג מיט די פּלייצעס).

שימעק (קומט אַרויס שנעל נאָך איהר, לאָזט די טיר פֿון זיין צימער

אָפּען) : וואָס רעדט איהר ? זאָל איך שלאָפען אונטער דער דעק ?

שרה=לאה: איהר דאַרפט זיך אויסטהון , ניט לעגען זיך אין די זאַכען ...

שימעק: זעהט איהר , איך האָב געמאַכט אַ פּראָבע ; ווי זעהט עס אויס יוען אַ מענש ליעגט אונטער אַ דעק , — אַ באַרג ! אַ באַרג ! — דאָס פּנים האָט מען דאָך מיר אַרויסגעזעהן ?

שרה=לאה (קוקט זיך אַרום) : ראובן איז טאַקי אַוועק !...

שימעק (בויגט זיך אַראָב , זוכט אונטער'ן טיש , אונטער דער קאַנאַפּע) : ס'וויַזט אויס —

שרה=לאה: וועמען זוכט איהר ?

שימעק: איך גלויב עס אפילו ניט אויף ראובנ'ן , — נאָר וואָס אַ מענשען קען פון שרעק איַנפאַלען ... ער האָט זיך אָבער ניט בעהאַלטען !

שרה=לאה: וואָס פאַלט איַיך איַין !

שימעק: איך פערשטעה עס אויך ניט ... איך האָב בעמערקט אַז מענשען הויבען זיך פאַר מיר אָן שרעקען . — ווען זיי זאָלען וויסען אַז איך הויב אָן מורא-קריגען פאַר זיי ... (קורצע פּויזע) אַ לאַנגע צייט האָב איך פון מענשען געלאַכט , מיט'ן פולען מויל געלאַכט ; פלעגע איך מיך אמאָל שעמען יענעם אין פּנים אַריַין צו לאַכען , האָב איך מיך אומגעדרעהט צום וואַנד אָן וועלכער זיַין שאָטען פלעגט קלעבען און אויסלאַכען זיַין שוואַרצען פלעק... יעצט הויב איך אָן מורא קריגען פאַר זיי — פערשליעסט די טיר !...

שרה=לאה (געהט פערמאַכען די גאַס טהיר , פּרובט שפּאַנען , אָב געמענדיג די קליאַמקע) : אַ באַבוק געהט !

שימעק: זאָגט — אַ מענש געהט ! — וועט עס מיך דערשרעקען —

שרה=לאה: קוקט אין שפּיעגעל — זעהט איהר איהם !

שימעק: איך ווייס אָן דעם שפּיעגעל אַז די נאָז שטעהט מיר אין מיטען פּנים — (כאַפּט אָן די נאָז) אָ ! (קורצע פּויזע) מיַינער אַ חבר האָט געקראָגען קאַטאַר , איז איהם די נאָז אין מיטען פּנים רויט געוואָרען , ווי אַ בוראַק ! איז ער ניט אַרויסגעגאַנגען אין גאַס... וואָס מיינט איהר , ס'איז שוין אַרויסצוגעהן מיט אַ נאָז אַ בוראַק ? איך האָב איהם אָבער געזעהן — אָ , ס'אַר , אַ רויטע ! און געגאָסען האָט ער — פערשליעסט די טיר ...

שרה=לאה: עס דאַרף דען ווער קומען ?

שימעק: איך ווייס ? טאָמער קומט אָבער ווער — זאָל ער ניט

אַרײַנקומען פּלוצלונג, זאָל ער פֿריהער אָנקלאַפּען אין טיר.

שרה־לאה! אויסער דאָרע און ראובן — וועט אַהער קײנער הײַנט ניט קומען.

שימעק (שטיל): זײַ בײדע... זעהט איהר: ראובן האָט זיך אויסגעמענשעלט, עפּעס בין איך הײַנט חושד... און דאָרע — איז אויך אַ גאַנצער מענש!...

שרה־לאה: איהר שרעקט זיך פֿאַר זײַ?

שימעק: איך האָב מיך פֿריהער דערשראָקען פֿאַר מײַנעם אַ חבר אַ שול־קאָלעגע, — בײדע זענען מיר אַרויס פֿון דאַנען; אין שטוב דאָ האָט ער מורא געקראָגען פֿאַר מיר, נאָר איז מען אַרויס אין גאַס האָט ער זיך דערשפּירט צווישען מענשען, אַ זיכער שמײַכעלע האָט זיך איהם אויסגעגאָסען אויפֿ'ן פּנים, און ער האָט אַזוי רחמנות'דיג געקוקט אויף מיר, אַזוי צופֿריעדען און אָהן מורא — אַז עס האָט מיך דערשראָקען... — איך האָב איהם דאָרט געלאָזען און אַ וועק הינטער'ן־שטאָדט.

שרה־לאה: אַזש הינטער'ן־שטאָדט! מיט וועמען זענט איהר עס אַרויס פֿון דאַנען? דרײַ זענען זײַ דאָ געוועזען — !

שימעק: איסאַק'ן קענט איהר?... יאָ, ער האָט מיר אַ מאָל געזאָגט אַז איהר געפֿעלט איהם —.

שרה־לאה: וואָלאָדיאַ אָדער יאַשאַ מײַנט איהר?...

שימעק: וואָסי, זײַ אויך?

שרה־לאה (פֿילט זיך צו דערצעהלען): נו, נו... וואָס האָט איהר געטהון הינטער'ן־שטאָדט?

שימעק: איך האָב געהערט ווי זשאַבעס האָבען געקוואַקעט, זעהען ווי די שטערען ציטערן פֿאַר פֿערגעניגען... קוואַ־קוואַ — און אויבען שפּרינגט מען אַזש אונטער פֿאַר נחת... די לבנה האָט זיך בעהאַלטען אין די וואָלקען — —

שרה־לאה: און איהר?

שימעק: איך האָב מיך געפֿונען צווישען הימעל און ערד, — נאָך גוט וואָס ס'איז הײַנט אַ ליכטיגע נאַכט, אַ ניט וואָלט איך מיך פֿערלוירען — (ער ציטערט).

שרה־לאה: זומער־לעב! פֿונדעסטוועגען זענען די אָבענדען, קאַלטע; הינטער'ן־שטאָדט האָט איהר זיך עס צוגעקיהלט.

שימעק: רעדט נישט אַזוי — הינטער'ן־שטאָדט איז וואויל! די

נאַכט ציִעהט זיך ווייט אַוועק, און פון דעם ווייטען שאָסעע, קומען ענט־
קעגען נאָר ווינטעלעך, ליכטע, שפּינוועבענע, לערע. — מ׳זעהט זיי
ניִשט, מ׳הערט זיי ניִט — ... ס׳האָט זיך מיר ניִט געוואָלט צוריק־קעהרען
אין שטאָדט!

שרה־לאה: אויפ׳ן פעלד בלייבען?

שימעק: בלייבען — פון וואַנען ווייסט איהר עס? (פּויזע) אַ
ברוגע שטעהט דאָרט הינטער׳ן־שטאָדט, בין איך צו איהר צוגעפאַלען.
דאָס וואַסער האָט אַרויסגעגלאָצט קאַלט און שטום... ווען מענשען זאָלען
מיר אין יענער מינוט ענטקעגען קומען, וואָלט איך מיר אַריינגעוואָרפען
אינ׳ם פיערקאַנטיגען תהום... אַזוי גראַד האָב איך עס ניִט געטהון?
ס׳וואָלט אין פינסטערניש אַ פּליוך געטהון — דאָס וואַסער וואָלט מיר
אַריין דורכ׳ן נאָז, דורך אויער׳ן און מויל — בּרררר! — (פּויזע) אויף
מאָרגען וואָלט מען מיך אַרויסגעצויגען אַ פּוילען, אַנ׳אָנגעפּראָפּטען —
ס׳וואָלט מיר קאַפּען פון נאָז, פון גאָמבע, פון די האָר און קליידער —
אַ שען בילד!

שרה־לאה (דערשראָקען): איהר רעדט פון טרינקען זיך —

שימעק: טרינקען זיך, הענגען זיך — איז עס דען ניט אַלץ
איינס! איך רייד פון שטאַרבען... ווי דאָס לעבען אַזוי איז אויך דער
טוידט אַ קאַריקאַטור — ! וויפיעל טויטען — אַזוי פיעל קאַריקאַטורען...
ביי׳ם הענגען זיך, וועלען זיך די פּיס מיינע צאַפּלען, אַ לאַנגע צונג
וועט מיר אויס׳ן מויל אַרויס — — — שעחט איך מיך — צעשרייט זיך
מיר דער געקוילעטער גאָרגעל, און די אויער׳ן מיינע וואָלטען דערהערט
אַ קול, ניט פון דער וועלט, ניט פון יענער וועלט; דאָס פּנים וואָלט זיך
מיר אויספאַרבען, פּורים־שפּיעלעריש, אינ׳ם אייגענעם רויטען בלוט —
(שפּרינגט אויף) לעבען און טוידט — איך האָב מיך גוט געפּאַקט
צווישען ביידען! ...

שרה־לאה: איהר ווערט נאַס.

שימעק: (פיהרט מיט׳ן האַנד איבער׳ן שטערן): שווייס — פון צו־
פיעל היצען זיך ...

שרה־לאה: געהט אַוועק פון אַנטקעגען פענסטער. אייער צימער
איז אָפען, אַ צוג־ווינד —

שימעק (רוקט זיך אָב אָן אַ זייט): פון אַ צוג קען זיך דאָס פּנים
פערקרימען ... די נאָז וועט אָבער אַלע מאָל בלייבען שטעהן אין מיט׳ן
פּנים, דאָס מויל ברייט אונטער איהר — זעהט, ביי מיר אַזוי, ביי אייך אויך —

שרה-לאה (טאפט זיך, פערגעסען, דאָם מויל): אמת.

שימעק: באשר מיר זענען געוואהנט! מאכט אָבער צו די אויגען אויף א ציַיט. עפענט זיי -- און טרעפט פאר אייך שטעהן א מענשען — (געהט צו איהר צו נעהנטער) מאכט נאָר צו די אויגען —

שרה-לאה (ווענדט זיך אָב פון זיין בליק): דער שלאָף פערמאכט מיר זיי...

שימעק: פערמאכט די אויגען!

שרה-לאה: כ'וועל איינשלאָפען...

שימעק: שטעהענדיג? מיך נעמט אין בעט קיין שלאָף ניט -

שרה-לאה (וויַיזט איהם די הענד): איהר זעהט ס'אַראַ הענד? אַזוי ווי ברעטלעך אויסגעארבייט... דער זאל, חאָטש די בעל-בית'טע איז ניטאָ, בעט זיך פאָטאָרירען, אַ מיטאָג'ל אָבקאָכען, אַ קלענערער, אַ גרעסערער— אַלץ איינס, שוואַרצע וועש קלאָר וואַשען ווי מילעך,— איהר זעהט ס'אַראַ הענד? די פים ווערען ווי קלעצער, לעג איך מיך אין בעט — אַזוי בעפאַלט מיך דער שלאָף.

שימעק (נעהמט איהר פאַרין האַנד): וואָס איז אייך דאָ אַזוי שוואַרץ?

שרה-לאה (פערוואַרפט די הענד אַ הינטער): פון פייער מאַכען.. (לאַכט) איך בין אַ מאָל אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצען טאָג מיט אַ שוואַרץ איינגעריסט פנים, און האָב ניט געוואוסט.

שימעק (לאַכט אויפ'ן קול): הי-הי-הי... גיט נאָר אַ קוק, ביי מיר קען זיך אייך אַ זוינ'ס טרעפען; אַ סך מאָל פאַלט מיר איין, אַז דאָס פנים איז מיר אין סאַזעם — (אין שרעק) מיר דאַכט זיך: מע געהט!

שרה-לאה (הערט זיך צו צום טיר): ניין... קיינער געהט ניט.

שימעק: הערט! הערט!

שרה-לאה (זיך איינהערענדיג): קיינער געהט ניט!

שימעק: די לאָמפ ברענט אַזוי העל... איהר שטעהט ביי'ם טיר, און איך זעה אייך אַזוי דייטליך --

שרה-לאה: די לאָמפ וועט ברענען ביז זייער קומען, — געהט נאָר אַריין צו אייך אין צימער...

שימעק (דערמאָנט זיך אָן עפּעס און געהט שנעל אָב אין זיין צימער).

שרה-לאה (קוקט איהם שטאַר נאָך).

שימעק (קומט באַלד צוריק מיט אַ רעוואָלווער, בעקוקט איהם אין

האַנד, וואַרפֿט איהם אין דער הויך און האַפּט איהם) : וואָס איך האָב היינט איינגעקויפט !

שרה-לאה (וויל זיך פֿאַרשטעלען מיט דער האַנד) : אַ רעוואָלווער ! וואָס דאַרפֿט איהר איהם ?

שימעק (לאַכענדיג) : שרעקט אייך ניט, קיים ריהר איך איהם ניט אָן ביי דעם, איהר זעהט — מעג איך איהם שליידערן ווי הויך. שיסט ער ניט ! — הערט אַ געדאַנקען : אַז איך זאָל איהם אַזוי אַריינשטעקען אין מויל, אויסשיעסען — און באַלד צוקלעמען די ליפּען — (מאַכט אויף אַ סעקונדע פֿעסט דאָס מויל) דאָס בלוט וועט די ליפּען ניט אויפֿרייסען ? און עס קען אַמאָל טרעפֿען : מ'זאָל ווערען מאָמענטאַל פֿערגליווערט — טויט ? — — אָבער, ניין ! פֿאַלען און אויסציהען זיך אויף דר'ערד מוז מען...

שרה-לאה: איהר האָט שוין אויסגערעכענט אַלע טויטען. וועלכע עס זענען נאָר דאָ...

שימעק: אַלע ? איהר זעהט אָבער ווי לייכט און ווי גלאַט ער גיענט מיר אויף די הענד... (קוקט זיך איין טיעף אינ'ם רעהריל פֿון רעוואָלווער). דאָס מלאך-המות'ל זיצט דאָרט בערוהט... (ווענדט זיך צו איהר פלוצלונג) איהר האָט שוין געהערט שיעסען ?

שרה-לאה: איין מאָל — ס'איז אָבער געווען וויט פֿון מיר.

שימעק: פֿון וויטען ? פֿון נאָהענטען אָבער — (ווייזט אויפ'ן צווישען-אָרט פֿון איהם און איהר) פֿון אַזוי נאָהענט ?

שרה-לאה: ניין.

שימעק: זאָל איך ?

שרה-לאה: ניין, מ'ווערט זיך צוזאַמען-לויפֿען ;

שימעק (פּראָבירט אָנשטעלען דעם רעוואָלווער געגען זיך אַליין) : אין זיך שיסט-זיך ניט בעקוועם, — (פֿערוואַרפֿט דעם רעוואָלווער געגען שרה-לאה'ן) אָט אַזוי !

שרה-לאה (פֿערבויגט טיעף דעם קאָפּ און דעם רוקען און שפּרייט אויס די הענד) : וואָס טהוט איהר ? וואָס ווילט איהר טהון ?

שימעק (בלייבט אַזוי שטעהן, מיט'ן אויסגעשטרעקטען רעוואָלווער צום טיר, ווען ער זאָל אויסשיסען פֿאַלט די קויל אין גאַס-טיר איבער שרה-לאה'ס קאָפּ).

(מע קלינגט אין שטאַרק פֿון גאַס).

(שימעק פֿערציטערט קוים, לאָזט אָב די האַנד און געהט שנעל אָב צו זיך אין צימער).

שרה-לאה (לויפט צו, צו זיין טיר, שרייט אַריין): איך גנב'ע איַיך, היינטיגע נאַכט, דעם רעוואָלווער צו! (מע קלינגט ווידער שטאַרק אָן פון גאַס) ווער איז?

דאָרע (ציעהט אונטער'ן טיר): אי-יך!

שרה-לאה: אַהאַ! (עפענט אויף די טיר).

דאָרע (קומט אַריין מיט פון לויפען, האַלטענדיג די הענד אויף דער ברוסט): אַ וואו זאָל איך מיר זעצען?

שרה-לאה: וואָסי?

דאָרע: איך פאַל באַלד!

שרה-לאה: וואָסי דען?

דאָרע (חאַפּט שרה-לאה'ס האַנד און לעגט זיך אויפ'ן האַרצען): דו הערסט?

שרה-לאה: טיאָך-טיאָך-טיאָך — אמת טאַקי... איהר האָט געלאָפען?

דאָרע: מעהר פון שרעק ווי פון לויפען! (וואַרפט אָב שרה-לאה'ס האַנד) איך געה אַזוי אַריים פון טהעאַטער — אַ סך זענען מיר אַרוים פון טהעאַטער! איך שטוים מיך דורך צווישען אַלע, וויל שנעלער זיין אין דער היים — טרעף ווי שפּעט איז?

שרה-לאה: אַרום צוועלף אַ ודאי –

דאָרע (חאַפּט אַראָב פון דער ברוסט אַ זייגערל): נאַ, זעה!

שרה-לאה (קוקט זיך איין אַביסעל פערוואונדערט): שוין האַלב איינס! זעהט נאָר... איהר וועט עסען?

דאָרע: נאָך אַ מין עסען! הער אָבער אוים: איך שטעל אַזעלכע פלינקע שטילע טריט און טראַכט מיר: קוים טרעפט מיך אַ יונגער-מאַן, אַזאַ פאַצעטיל, וועט ער שטיל ניט פערבייגעהן – אַזוי שפּעט.. אַ מאָל טרעפט אַז זיי זאַטשעפּען אויך די חברה!... (ציהט אויס די הענד מיט לוסט). איך האָב געוואָלט מיר זאָל עם טרעפען און האָב ניט געוואָלט... ס'האַרץ קלאַפט מיר נאָך!

שרה-לאה: עמיץ האָט זיך אַודאַי אויף אייך דערבאַרעמט — און אָבגעשטעלט אייך?

דאָרע: ניין, פון הינטען נאָר... הינטער מיך האָב איך דער-הערט: מע רופט מיך... ניט מיט אַ קול, נאָר: פסס! פס! — מיר איז איינגעפאַלען אַז ס'איז שימעק —

שימעק (רוקט אַריין דאָס בלאַסע פּנים אין זיין טיר און פערשווינדט).

דאָרע: ער איז גאָר דאָ! ער איז דאָ די גאַנצע צײַט?

שרה־לאה: געװען, אַװעק — און װידער דאָ.

דאָרע: װער האָט עס מיך געקאָנט רופֿען. נאָכאַנאַנד: פּס! פּס! — איך לויף און יענער נאָך מיר: פּס! (שטרײַכעלט) דאָ שרעק איך מיר פֿאַר איהם ניט... און גאַס אָבער, שפּעט.. ער איז אַזוי בלאַס... (װאַרפֿט אַ קוק אויף שימעק'ס טיר).

שרה־לאה: איהר שרעקט אײַך אויך?

דאָרע: װאָלאָדיאַ און יאַשאַ האָבען אויף מיר אָנגעװאָרפֿען אַ מורא; דאָ אָבער ... גוט מיר עסען!

שרה־לאה (אָב אין קיך).

דאָרע (גײט הין און צוריק אין צימער, ברומט מיט פֿערמאַכטע ליפּע אַ מאָטיװ פֿון „דעמאָן" — נאַצ'יענקאַ! — שלאָגט זיך אָן אָן שימעקס טיר). שימעק מ'קען אַרײַן?

שימעק (פֿון זײַן צימער): דאָרע?

דאָרע (עפֿינט די טיר און געהט צו איהם אַרײַן).

(די סצענע שטעהט אַ מאָמענט לעדיג).

שרה־לאה (קומט פֿון קיך מיט אַ טעלער פֿלייש, שטעלט'ן אויפ'ן טיש, קוקט זיך אום נאָך דאָרען, עפֿענט די טיר פֿון זאַל און רופֿט אין דער פֿינסטער). דאָרע?

דאָרע (לויפֿט אַרויס פֿון שימעק'ס צימער, שרײַט און קלאַפּט אין טיר); איך גנב'ע איהם אײַך די נאַכט צו! (שרה־לאה'ן) אַרעװאָלװער האָט ער דאָרט! (זעצט זיך צום טיש, עסט מיט אַ פּעטיט).

שרה־לאה (נאָך אַ פּויזע): ראובנ'ן האָט איהר געזעהן? (מע קלינגט פֿון גאַס) װער קומט? (געהט עפֿנען).

דאָרע (שפּרינגט אויף): דאָס איז ער! ער! װער ס'איז מיר נאָכגעלאָפֿען...

ראובן (באַװײַזט זיך אין דער אָפֿענער טיר אַ ברוגזער און פֿערביסערט).

דאָרע: ראובן! (זעצט זיך פֿאַר װאונדער).

ראובן (זעצט זיך ברײט אויף דער קאַנאַפּע. דאָרע'ן): איהר האָט זיך טאַקי ניט געװאָלט אומקוקען...

דאָרע: װאָסי?

ראובן: איך האָב אײַך גערופֿען —

דאָרע (הױבט זיך װידער אויף פֿון שטול): דאָס זענט איהר געװען!

ראובן: איהר האָט גאָרניט געהאָוסט...

דאָרעֶ: אָי, אָי... אִיהר האָט מִיךְ נאָךְ קֵיינמאָל נִיט געֶרוּפֶען! (געֶהט אִיבּעֶר אִין אַ פרעֶהלִיךְ לאַבּעֶדִיגעֶן טאָן) אַ שעֶנעֶ זאַךְ אָבּעֶר! ווִי פאַלט עֶס אַייךְ פלוּצלוּנג אַיין: פּס! פּס! האַ־האַ־האַ!

ראוּבן: ס'אִיז מִיר אַיינגעֶפאַלעֶן! מ'טאָר נִיט?

דאָרעֶ (צעֶלאַכט זִיךְ ווִידעֶר): חאַ־חאַ־האַ! נאָךְ אַמאָל, טאָמעֶר געֶהט אִיהר מִיר נאָךְ פוּן הִינטעֶן — רוּפט מִיךְ בּיַי'ם נאָמעֶן, ווֶעל אִיךְ מִיךְ צוּ אַייךְ אוּמדרעֶהעֶן אוּן ווַייזעֶן אַייךְ אַ לִיעֶבּעֶן פּנִים אוֹיף צוּם קוּשעֶן זִיךְ! (זעֶצט זִיךְ צוּרִיק) אִיךְ האָבּ נאָךְ אַסך צוּ עֶנדִיגעֶן בּיַי'ם טִישׁ... שׂרה־לאָה, אַ פלאַש בִּיעֶר! נאָךְ דאָ בִּיעֶר?

שׂרה־לאה: אַ האַלבּ קעֶמעֶרִיל! (אָבּ אִין קִיךְ, וואַרפעֶנדִיג אַ בּלִיק פוּל מִיט חשד אוֹיף ראוּבנ'ן).

דאָרעֶ: טאַטעֶ־מאַמעֶ אוּן אָסקאַר זעֶנעֶן נִיטאָ, ווֶעט דעֶם בִּיעֶר קֵיין סוֹף נִיט נעֶמעֶן! — אִיהר ווֶעט טרִינקעֶן בִּיעֶר?

ראוּבן (קאַלט, שאָקלעֶנדִיג מִיט'ן קאָפּ): ניין, אִיךְ טרִינק הַיינט קֵיין בִּיעֶר נִיט, מ'זאָל נִיט זאָגעֶן אִיךְ בִּין געֶוועֶן שכּור. (עֶר נעֶמט אַרוֹיס אָסקאַר'ס בּרִיעֶף, קוּקט אִיהם פאַר־זִיךְ).

דאָרעֶ (עֶסעֶנדִיג): אַ בּרִיעֶף?

ראוּבן: פוּן אָסקאַר'ן.

דאָרעֶ: אַהאַ! (האַפּט זִיךְ אוֹיף מִיט'ן בִּיסעֶן אִין מוֹיל, לוֹיפט צוּ אִיהם צוּ, ווִיל פוּן אִיהם אַ חאַפּ טהוּן דעֶם בּרִיעֶף). ווַייזט, וואָס שרַייבּט עֶר, אָסקאַרל!

ראוּבן (שטעֶלט זִיךְ שנעֶל אוֹיף, לֵייגט דעֶם בּרִיעֶף אִין טאַש, נעֶמט דאָרעֶן פאַר בּיידעֶ אַרעֶם): נאָךְ נִיט יעֶצט!

דאָרעֶ (פעֶרקרִימט זִיךְ, פוּנקט ווִי עֶס טהוּט אִיהר וועֶה): אָי — אָי...

ראוּבן: ס'אִיז אַ לִיגעֶן, עֶס טהוּט אַייךְ נִיט וועֶה!

דאָרעֶ: טאַקעֶ נִיט, ס'טהוּט מִיר טאַקִי נִיט וועֶה... אָבּעֶר ס'אַ גרוֹיסעֶ הֶענד אִיהר האָט! העֶכֿעֶר — זעֶנעֶן מִיר דאָךְ דִי אָרעֶם דִיק אוּן אִיהר נעֶמט מִיר זֵיי אַזוֹי אַרוּם.

ראוּבן: אמת, אמת, העֶכֿעֶר זעֶנעֶן אַייךְ דִי אָרעֶם דִיק — (הוֹיבּט אוֹיף אַבִּיסעֶל אִיהר אָרעֶם, ווַייזט אִיהר). דִי פִינגעֶר געֶהעֶן מִיר טאַקִי נִיט צוּ, אָ —

דאָרעֶ (קוּקט): טאַקִי! אִיהר דרִיקט אָבּעֶר פאָרט! — ווַייזט מִיר בּעֶסעֶר דעֶם בּרִיעֶף!

ראוּבן (שטוֹיסט זִי אָבּ אוּן שלעֶפּט אִיהר נעֶט צוּ זִיךְ צוּרִיק). אַ לִיעֶ־

גען, איך דריק ניט, אָה, ווען איך זאָל ווע־לען דריקען!

ד אָ ר ע (אַ קוק טהוענדיג צום קיך־טיר): זי טראָגט שוין ביער!

ש ר ה־ל א ה (קומט אַריין מיט אַנ׳אויפגעשפּענטע פלאַש ביער, אַ גלאָז. קוקט אויף ראובנ׳ן מיט דעם זעלבען פערדעכטיגען בליק).

ד אָ ר ע: ביער! ביער! נאָכ׳ן פלייש טרינק איך ביער! — (רייסט זיך אַרויס פון ראובנ׳ן) לאָזט מיך! (חאַפּט פון שרה־לאה׳ן דאָס פלעשעל). אָ, קאַלט ווי אַנ׳אייז!

ש ר ה־ל א ה: אין קעמעריל איז ווינטער — צוויי גרויסע צעבער אייז, פערזייעט מיט געפרוירענע פלעשלעך ביער.

ד אָ ר ע (גיסט אָן אַ פולע גלאָז): שלעכט קאַלט ביער? (טרינקט עס שטעהענדיג אויס, גיסט אָן אין גלאָז דאָס רעשט ביער). דאָס איז מיין פּאָר־ציע: איינס אַ גאַנצעס און דאָס אַנדערע אַ ביסעל ניט פול... (טרינקט עס אויס, שטעלט אַוועק דאָס גלאָז), פון צוויי אַ זעלכע פלעשלעך הויבט מיר ערשט אָן לייבט ווערען אין קאָפּ — (דרעהט מיט דער האַנד איבער׳ן קאָפּ) איהר האָט אַודאי, ביידע ניט געהערט ד ע ם אָ ן?

ר א ו ב ן: אָבוואַרטענדיג אייך פאַר׳ן טהעאַטער־פּלאַץ האָבען זיך איינציגע טענער אויפ׳ן גאַס אַרויסגעגאָסען —

ד אָ ר ע: איהר האָט מיך טאַקי אָבגעוואַרט?! — וואָס האָט איהר געהערט? — (הויבט אויף צוגלייך עטליכע הויכע טענער פון דער אָפּער) — דאָס?

ר א ו ב ן: דאַכט זיך.

ד אָ ר ע (מאַכט אַ בעוועגונג צום זאַל־טיר): אָט וועל איך עס פּרובען אויפ׳ן ראָיאַל — הערט עקסטראַ!

ר א ו ב ן (הויבט זיך אויף פון קאַנאַפּע, נאָכצוגעהן).

ד אָ ר ע: בלייבט דאָ — אין זאַל איז פינסטער; איך לאָז אָפען די טיר וועט איהר הערען. (אָב אין זאַל).

ר א ו ב ן (געהט צו מיט פעסטע טריט צו שרה־לאה׳ן: געה אַרויס!

ש ר ה־ל א ה: וואוהין?

ר א ו ב ן (אונגאַנגענעהם, בייז, מיט אַ לייכטען טופּ מיט׳ן פוס): אין קיך,

ש ר ה־ל א ה (קוקט צום זאַל־טיר): דאַרף איך?...

(טענער פון אַ פּיאַנאַ קומען פון זאַל, געבראָכענע, ניט קיין גאַנצע, זיי טראָגען זיך אַ מאָל שטאַרקער אַמאָל שוואַכער אין פערלויף פון דעם וויטערדיגען געשפּרעך).

ר א ו ב ן (שטרענג): געה אַרויס!

ש ר ה־ל א ה: איך וויל ניט!

ראובן (שטופּט איהר פאַר ביידע אַקסלען אויף הינטערוויילעבטס): אַרוים! אַרוים!

שרה-לאה (רייסט זיך אַרוים פון איהם, שפּאָטיש און אַביסעל דערשראָקען): דו, מענש מיט אַ כאַראַקטער, וואָס ווילסטו טהון?

ראובן ווייל איך דיר ניט זאָגען! — וועסטו ניט אַרוים — (וויל זיך אויף איהר וואַרפען, פאַלט אַריין אין אַ געבעט). שרה-לאה, איך בעט דיך, שענק מיר די נאַכט!... געה, לעג דיך, גראָב איין דעם קאָפּ אין קישען, שלאָף איין און הער ניט... שענק מיר די נאַכט! קוק אַרוים און זעה ווי שען זי איז, די נאַכט! אין אונזער שטעדטיל איז זי אַסך שענער ברייטער איז דער הימעל פונאַנדערגעוויקעלט, טיעפער איז די בלאָהקייט, אָפענער פונקלען די שטערען — אַרוים! אַרוים, שרה-לאה! די זומער-ווינטעלעך, קענסטו זיי די זומער-ווינטעלעך וואָס צעשוועבען אַלע פאַר-נאַכט איבער אונזער קליין שטעדטעל, — פראַנק און פריי שוועבען זיי יעדערן איבער'ן קאָפּ, און רייסען די שענסטע ווערטער אַראָב ביי יעדען נאַרר פון די ליפען —

שרה-לאה: מיאוס, מיאוס, ראובן... (אָב אין קיך).

דאָרע (בעוויזט זיך פון זאַל): איהר הערט גאָרניט?! אַגב איז מיר יעצט ניט געראָטען, — מאָרגען פריה אָבער, געה איך צו צום ראָיאַל, שפּיעל עס אויס; ביי מיר איז אַלע מאָל אַזוי: דורך דער נאַכט — ווייס איך עס!

ראובן (וואונדערט זיך אָהן שכל): דורך דער נאַכט!

דאָרע (קוקט איהם אַביסעל טשיקאַווע אָן).

(פון גאַס הערט זיך אַ נאַכט-פייף פון אַ וועכטער).

דאָרע: איך בין שוין לאַנג ניט געזעסען אַזוי שפּעט —

ראובן: ס'איז נאָך פריה, ס'איז נאָך פריה, דאָרע!

דאָרע (קוקט אַ ווײַלע אין פענסטער). דאַכט זיך ס'וועט באַלד טאָגען... מ'וועט זיך גאָר ווינשען אַ גוטע נאַכט! (וויל געהן).

ראובן בלייבט!

דאָרע (בלייבט שטעהן, קוקט איהם אַ ביסעל פערוואונדערט אָן).?

ראובן: אייך שלעפערט!

דאָרע (פערשפּרייט די הענד און געניצט לייכט): ניט אין גאַנצען, — נאָך נאַכט-עסען בין איך געוואוינט אַביסעל אַרומצושפּאַנען זיך אַרום טיש... וואָלט אָסקאַר דאָ געווען — וואָלט איך איהם אין כעס אַריינגעבראַכט — זאָל ער מיך נאָכיאַגען!

ר א ו ב ן: ברענגט מיך אין כעס אַריַין...

ד אָ ר ע (לעבעדיג, פערוואונדערט): איַיך? איהר מיינט מיר דאַפען; — אַ נו —? (הויבט אָן לויפען).

ר א ו ב ן (חאַפּט איהר פאַר'ן האַנד): מ'דאַרף ניט... מיר וועלען זיך גאָר זעצען!

ד אָ ר ע: זיצען?

ר א ו ב ן: איהר ווילט ניט זיצען? (לאָזט איהר אָב. זעצט זיך אויף דער קאַנאַפּע).

ד אָ ר ע (זעצט זיך אויך אויף דער קאַנאַפּע): נו? — לאָמיר גאָר היַינ־טיגע נאַכט ניט שלאָפען! איך געדענק שוין ניט ווען כ'בין אויף געוועזען אַ גאַנצע נאַכט... וואו איז שרה־לאה?

ר א ו ב ן: זומער־נעכט זענען קורץ און קיהל... איך וועל גאָר אויסטהון דאָס רעקיל! (הויבט זיך אויף, וואַרפט אַראָב פון זיך דאָס רעקעל בלייבט אין בלוזע).

ד אָ ר ע: איהר האָט אַליין פערשלייפט דעם שנור? איין עק לענ־גער, דעם אַנדער'ן קירצער — (נעהמט אָן ביידע עקען שנור). מ'קען?

ר א ו ב ן: איהר קענט בעסער?

ד אָ ר ע (צעציהט דעם שלייף, וויקעלט אָב): אין צווייען האָט איהר זיך פערוויקעלט — וואָס דאַרפט איהר עס אַזאַ לאַנגען שנור?

ר א ו ב ן: ווייזט אַהער, — (נעמט אָב פון איהר דעם שנור, פערווי־קעלט איהם אַרום זיך און דאָרען און בינדט צונ'אויף). אַזוי בינדט מען זיך צוזאַמען!...

ד אָ ר ע: וואָס אַ שוועסטערקינד קען!

ר א ו ב ן: וואָס?

ד אָ ר ע: ווי פאַלט עס איַיך איַין?

ר א ו ב ן: ס'פאַלט מיר איַין — !

ד אָ ר ע: איהר האָט מיר דען אַ מאָל גוט אָנגעקוקט? (פערשטעלט איהם די אויגען מיט איהרע העַנד). זאָגט ווי זעה איך אויס? וועלכע אויגען האָב איך, שוואַרצע אָדער בלאָהע?

ר א ו ב ן (קלערט אַ ווײַלע ווי ער וואָלט וועלען טרעפען): שוואַר־צע אָדער בלאָהע? — (רייסט פלוצלונג אָב איהרע העַנד פון זיינע אויגען). לאָזט איך וועל אַ קוק טהון! (קוקט איהר שאַרף אין די אויגען). בלאָהע! בלאָהע! (פאַלט צו איהר צו און קושט איהר די אויגען).

דאָרע: האַ-חאַ-חאַ! איך האָב באַלד געוואוסט אַז איהר וועט ניט וויסען!

ראובן (קושט איהר ווידער די אויגען): זאָגען אייך וואָס דער ברודער אייערער, שרייבט מיר? איך קען זיין בריעף פון אויסווענדיג!

דאָרע: אַנו?... ווי איהר קושט מיר אָבער, שוועסטערקינד!

שרה-לאה (פון קיך, הויך): דאָרע?

ראובן (פערבּיסען): הייסט זי דאָרט שלאָפען! פאַר וואָס שלאָפט זי ניט?! (שפּילעט איהר אָב בּײַ'ם האַלז די בלוזע).

דאָרע (שרייט צו שרה-לאה'ן) (ראובנ'ן) מיר וועלען טאַקי זיצען אַ גאַנצע נאַכט! (נאַאיוו, כאַפּט איהם פאַר'ן האַנד). איהר קנעפּעלט דאָך מיר אָב די בלוזע!...

ראובן (לייגט איהר האַנד אַוועק אויף איהר קניע, דריקט זי צו זיך): וואָס טויג מיר אייער האַנד — באַלד לייענען מיר דעם בריעף —

דאָרע (רוקט זיך אַ ביסעל פון פערוואונדערונג אָב): אָסקאַרס? — זעהט, דאַכט זיך, אַז עס ווערט טאָג! (הויבּט זיך אויף פון דער קאַנאַפּע, וויל צום פענסטער צוגעהן, איז אָבער פערבונדען אָן ראובנ'ן). זעהט, איך האָב גאָר פערגעסען —.

ראובן (בּינדט אָב דעם שנור):

דאָרע (לויפט אָב צום פענסטער און קוקט אַרויס אין גאַס).

ראובן (הויבט זיך אויך אויף, וויל צוגעהן צום פענסטער).

שרה-לאה (בּעוויזט זיך הינטער איהם פון קיך, מיט אַטיבּעל אויף די בלויסע אַקסלען, רופט גאַנץ שטיל): ראובן!

ראובן (דערהערט, קעהרט זיך צו איהר שנעל אום, געהט צו איהר צו). געה, ביסט שוין געשלאָפען!

שרה-לאה: איך בין פון בעט אַרויס... (נעהמט איהם פאַר'ן האַנד, ציעהט איהם צו זיך אין קיך). קום, ראובן —

ראובן: לאָז אָב! אַזאַ שענע נאַכט — זי האָט מיר מעהר דער-צעהלט ווי דער בריעף... ביסט געוועזען אין גאַס? האָסט געזעהן ווי זיי יאָגען זיך נאָך, די טאַטענס קינדער, נאָך יעדער קליידעל?

שרה-לאה: דו קוקסט אויף מיר —, און ווי דו וואָלסט מיך ניט ניט געזעהן —

ראובן (פיהרט מיט זיין האַנד אויף איהר קאָפּ): איך האָב דיך ליעב, מיין פריינד, מיין טרייער פריינד —

שרה-לאה: טאָ וואָס שטעהסטו דאָ!...

ראובן (ווייזט מיט דער האַנד אויף דאָרען וואָס קוקט טיעף אין פענס-

טער): איהר וויל איך ליעבען —

שרה-לאה (ערשטוינט פֿון שרעק): דו וואַגסט?!

ראובן (טרעט אַביסעל צוריק און קוקט איהר פֿערדעכטליך אָן): יאָ, איך בין עס יענער עזות-פּנים!

שרה-לאה (ברעכט שטיל די הענד): דו וואַגסט! דו וואַגסט!

ראובן: שרה-לאה!

שרה-לאה (אָב אין קיך).

ראובן (בלייבט שטעהן מיט'ן פּנים צום קיך-טיר).

(פֿון גאַס הערט זיך אַ לייכטער קלאַפּען פֿון אַ שטעקען אויף שטיינער).

דאָרע (אין פֿענסטער): ראובן —

ראובן (קעהרט שנעל אום צו איהר דאָס געזיכט).

דאָרע: איהר הערט?

ראובן: דעם נאַכטוועכטער —

דאָרע: ער געהט אַ שלעפּעריגער איפּ'ן טראָטואַר און קלאַפּט מיט'ן שטעקען.

ראובן (געהט צו, קוקט אַרויס פֿון פֿענסטער): אומ—הו...

דאָרע: אָט האָט ער זיך אָנגעלעהנט אָן הויז און שלאָפֿט —

ראובן: ער שלאָפֿט ניט! דער קאָפּ איז איהם נאָר אַראָבגעבויגען אויף דר'ערד.

דאָרע (קוקט זיך איין אוי בלייבט ביי דאָס איהריגע): ער שלאָפֿט!

ראובן (מיט עקשנות): ער קוקט אויף דר'ערד!

דאָרע: אָט וועל איך הויך אַ לאַך טהון —, לאַכט איהר!

ראובן: איהר!

דאָרע (שטעקט אַרויס דעם קאָפּ אין פֿענסטער און צעלאַכט זיך הויך). חאַ—האַ—חאַ! (בייזע שפּרינגען אָב פֿון פֿענסטער אין מיט'ן צימער). אַהאַ! איהר האָט געזעהן ווי ער האָט אַ צאַפּעל געטהון?

ראובן: יאָ. ער איז געשלאָפֿען...

דאָרע: אַ רחמנות... (זוכט אין טאַש און נעהמט אַרויס אַ מטבע). איך וועל איהם אַראָבוואַרפֿען אַ זילבער-שטיקעל.

ראובן: בעצאָהלען פֿאַר'ן חלום וואָס עס איז איהם איבערגעהאַקט געוואָרען אין מיטען?

דאָרע (וואַרפֿט אַרויס די מטבע דורכ'ן פֿענסטער, סיהערט זיך אַ קלונג אויפ'ן טראָטואַר),

ראוּבן (רופט אויס): אַ זילבער שטיקעל פּאַר אַן איבערגעריסענעם חלום?

דאָרע (אַבּיסעל אַראָבגעפאַלען, אָבקעהרענדיג זיך פון פענסטער): ער האָט ווידער אַ ציטער געטהון.

ראוּבן: עס האָט זיך איהם אודאי געדאַכט, אַז איהר לאַכט עס אַ צווייטען מאָל... איהר האָט דאָך אַ זילבערנעם געלעכטער!

דאָרע (צעלאַכט זיך): חאַ—חאַ—חאַ!

ראוּבן: זילבער!

דאָרע: שטעלט אונטער די הענד —

ראוּבן: דעם מויל! (ציהט אויס צו איהר די ליפּען).

דאָרע (פערמאַכט איהם מיט אַ האַנד דאָס מויל).

ראוּבן (רוקט זיך אָב): אין האַנד וועל איך אייך ניט קושען...

דאָרע (פערשעמט): איך נעם זי צו... אָבער איהר זעהט ווי עס מאַגט!

ראוּבן: יאָ.

דאָרע: שרה־לאה שטעהט בענינען אויף און טרעפט אונז אין די זאַכען!, — אַזוי פריה אויפגעשטאַנען?! —"

ראוּבן: זי ווערט זיך וואונדערן, די נאַרר!

דאָרע (ווידער אין שרה־לאהס טאָן): — אַזוי פריה אויפגעשטאַנען?! — — מיר דאַכט זיך אויס אַז איך זעה דאָס ערשטע מאָל ווי עס טאָגט — (אין פענסטער ווערט אַלץ גראָהער און גראָהער, טוּליעט זיך צו ראובנ'ן). אַליין וואָלט איך מורא געהאַט צו זיצען... אַזוי גראָה, אַזוי גראָה און אַזוי שטיל —

ראוּבן (פערלעגט אַ האַנד אַרום איהר האַלז): ביי אונז אין שטעדטיל ווערט דער טאָג פריהליכער געבוירען, אַנדערש טאָגט עס דאָרט! אַ געשוויטשערי פון פייגעל אונטער יעדען פענסטערל; אַ שטיק בלאָהער הימעל אין יעדער שויב! אַ האָהן צעקרעהט זיך פון'ם גאַנצען קעהל; פערד צעהירושען זיך, שענע, גרויסע, גלאַטע פערד געהען אַרויס צו די ברונעם מיט ווייערג וואיהלע־ינגען אין לאָזען זיך פון ווי הויך פּאַטשען איבער די גלאַטע קיילעכדיגע רוקענס — אַזש ס'קלינגט; קיה, מעקעדיגע, געהען אויף פאַשע, הויבען אויף אַ שטויב ביז דעם זיבעטען הימעל און בעהאַלטען אין איהם, קיין אייג זאָל ניט דערהאַפּען, דאָס פאָלקיים, די דיקקיים, דעם גרויסען צאָהל, און ניט געבען קיין עין־הרע...

דאָרע: און טאָמער שלאָפט איינער ניט בעגינען, קען ס'מאָל

די פֿענסטער ניט עפּענען פֿאַר'ן שטויב —

ר א ו ב ן : ס'איז ניט דער רויך פֿון שטאָדט ! דער קליינשטעדטיל־דיגער שטויב הויבט זיך לײַבט פֿון דר'ערד , און פֿאַלט לײַבט צוריק ; די לופֿט ווערט ווידער בלאָה און ריין , אַז די פֿייגעלעך טרילערען פֿאַר פֿרישקייט.

ד אָ ר ע (ווייזט אין פֿענסטער) : ווען דער מויער זאָל ניט שטעהן ענטקעגען—וואָלטען מיר געזעהן ווי די זונן געהט אויף. (מאַכט אַ פֿויסט צום מויער). אוה !

ר א ו ב ן : און אין ענטקעדיגען מויער. זיצען מענשען און מאַכען קולאַקעם אויפ'ן הויז אין וועלכען מיר וואָהנען : זיי זעהען ניט ווי די זונן פֿערגעהט ...

ד אָ ר ע : איך האָב שוין באַלד חרטה וואָס איך בין ניט מיט־געפֿאָהרען צו אײַך אין שטעדטיל ; פֿערווילט זיך מיר אָבער שטאַרק —

ר א ו ב ן : הויבט איהר זיך אויף —

ד אָ ר ע : און פֿאָהר מיר הורך ! איך וואָלט אָבער באַלד צוריק־נעקומען ...

ר א ו ב ן (דריקט זי מיט דער האַנד צו זיך) : פֿאַרוואָס ?

ד אָ ר ע (גליטשט זיך אַרויס פֿון ראובנ'ס האַנד) : ע ! וואָס איז מיר אַ קליין שטעדטיל — אַ טאָג—אַ יאָהר ! עפּען בריית אויף דאָס מויל און געניץ !...

ר א ו ב ן : אָסקאַר שרײַבט מיר אַ זעלבע פֿרעהליכע בריעף ...

ד אָ ר ע : אָסקאַר ? (גנבהיש , מיט אַפֿאַרויסען געמבקעלע). אָסקאַר געפֿינט דאָס זײַניגע וואו ער זאָל נישט זײַן !...

ר א ו ב ן (אויפֿגערייצט , אײַנגעהאַלטען) : וואָס האָט איהר געזאָגט ? (ציהט זיך צו איהר). אַז איהר וועט אַוועקמאַכען מײַן היימיש שטעדטיל מיט דער האַנד, וועל איך זאָגען אַז איהר זענט אַ נאַרר — זאָל איך עס זאָגען ? נײן , איך וועל עס ניט זאָגען ... ווײַל איך האָב אײַך ליעב (פֿער־פֿלעכט זײַנע הענד ארום איהר האַלז).

ד אָ ר ע (פֿערוואַרפֿט צופֿריעדען דעם קאָפּ אַביסעל אַ הינטער).

ר א ו ב ן : קוקט מיר אין די אויגען און ליעקענט עס מיר אָב ! קוקט מיר אין די אויגען און זאָגט אַז איך האָב אײַך ניט ליעב ... ווײַל איך בין שטאַרק, ציטער איך ניט !

ד אָ ר ע (מיט אַ שוואַכערע שטימע) : איהר צ י ט ע ר ט —

ר א ו ב ן : אַהאַ ! איך ציטער , יאָ ... פֿיהלט איהר עס ? — — אַז

דאָס שטעדטעלע האָט מיך ערצויגען האָט זי מיך אין מיינע מוסקעל בלייַ אַריינגעגאָסען, זיי זאָלען זיך אַזוי לייַכט ניט בייגען אַרום אַ ווייבער־האַלז— (בעווייגט נערוועז די אַרעם אַרום איהר האַלז). איהר שפּירט ווי פול און ווי האַרט זיי זענען? — כדי דאָס האַרץ זאָל ניט צעשמעלצען פון אַ פרויען־בליק האָט זי מיר אָנגעהאַנגען אַ ברייטען פלאַבען שטיין אויפ'ן ברוסט — (טאַפּט בילט'ער זיין ברוסט, דריקענדיג איהר צו זיך, ווילד). איהר שפּירט?

דאָרע (מיעד פון פיהלען): איהר זענט שטאַרק!

ראובן: און איך ציטער?

דאָרע: איהר ציטערט...

ראובן: גלויבט איהר אַז דאָס בלייַ איז מיר צערונען אין די מוס־קעל; אַז דער שטיין איז צעריבען אויף מיין ברוסט? — האָ - האָ! איהר זענט טאַקי אַ היים קינד... איך גליה אונטער אייך, איך פערברען אין אַש...

דאָרע (שוואַך): איהר זענט שטאַרקער — (נעהמט איהם פּעסט אַרום). רייסט זיך אָב פון מיר...

ראובן: זאָל איך עס?

דאָרע (לאָזט איהם ניט אָב, געצויגען): וואַ—אַ—רט... רוהיגער, רוהיגער זייט...

ראובן: איך בין רוהיג, איך בין גאַנץ רוהיג!

דאָרע: איהר זענט עס ניט...

ראובן (שטיל, נערוועז ציטערנד): איך בין רוהיג, איך בין גאַנץ רוהיג... אָט וועל איך אייך עפּעס דערצעהלען —, פון וואָס זאָל איך אייך דערצעהלען? עפּעס אַ ווייַטע זאַך, וואָס געהערט אונז נאָרניט אָן... איך וועל אייך גאָר דערצעהלען פון מיין שטעדטיל! פופציג וויאָרסט פון דאַנען, אַ יאָ וויַט? אַ קליין שטעדטעלע — נאָר ריידען זאָלט איהר ניט אויף איהר... וואָס האָט איהר עס פריהער געזאָגט? פּע-פּע... ווי דריקט מען זיך עס אַזוי אויס... איהר מיינט אַז ער וועט פון דאָרט אַזוי גיך צוריק־קומען אָסקאַר? איהר האָט נאָך ס'מאָל ניט געזעהן די אַלע בלומען וועלבע ער צוטרעט אין גערטנער און אין פעלדער, ער האָט דאָך אַזאַ ברייטען אומגעלומפּערטען גאַנג! — אומבעמערקט וואַקסען זיי אויס דאָרטען, די בלומען, יעדען זומער, גרויס און שען און רויט אויף גרינע ערד, אונטער'ן פרייען הימעל... אַ געפאַלען אָרים מענשעל פער־גינט זיך ניט איינביגען זיך צו זיי און אָנריהרען מיט די ליפען!... (מיט שטערן און האַס). און די שייַעסטער מיינע — איהר ווייסט, זי אין

שענער פון אייך ... אָפענערע שווארצע אויגען, געשיקטער און העכער — (לעגט זיין גאָמבע אויף איהר קאָפּ). איהר זעהט: מיין גאָמבע ליעגט אייך אויפ'ן קאָפּ!

דאָרע (לאָזט זיך שוואך אראָב).

ראובן: איהר לאָזט זיך עס גאָר אראָב! (נעמט איהר ארום ביי דער טאליע און הויבט איהר הויך אויף). אט זענט איהר הויך! (דרעהט זיך מיט איהר עטליכע מאל ארום, קריצט פאר אויפרעגונג מיט די ציין). איהר זענט העכער פאר מיר ... העכער! העכער!

דאָרע (דער קאָפּ פאלט איהר בלאָס אויפ'ן נאקען. ענטקרעפטעט פון אויפרעגונג און קאָפּ-שווינדעל).

ראובן (לעגט איהר אויף דער קאנאפע, מיט'ן קאָפּ צום פובליקום, זעצט זיך אליין נעט צו איהר אויף דער קאנאפע, מעהר איבערגעבויגען אויף איהר ווי זיטצענדיג, דאָס פנים זיינ'ס איז אויפגערעגט פון נקמה און ליידענשאפט. ער קוקט און ציעהט זיך אלץ מעהר צו דאָרעס אָהנמעכטיגעס בלאסעס געזיכט).

(דאָרע מיט'ן קאָפּ, ראובן מיט'ן געזיכט צום פובליקום).

שימעק (רוקט זיך אומגעריכט א געוואלד-ליידענדער א בלאסער פון זיין צימער. עס קומט איהם אויס צו זעהן דאָרעס געזיכט און ראובנ'ס פלייצע און פראָפיל. ער בלייבט נעבען דער טהיר שטעהן, קוקט דעם ערשטען מאָמענט צו-טומעלט אָן ראובנ'ן און דאָרען אויף דער קאנאפע, ביסלעכווייז קריעגט זיין געזיכט א שרעקעדיגען קוים לאכעדיגען אויסדרוק, ער קלאַמט צוזאמען ביידע הענד-פלעכע אויפ'ן הארצען, רופט שוואך שניידענד אויס).

## קאַריקאַטורען!

(דער פאָרהאנג הויבט אָן לאנגזאָם פאלען).

